שלמה סײמאָן

# אמאליקע ייִדן






ביי דער „געזעל' פאַר ייִדיש־װעלטלעכע שולן אין אַרגענטינע"

בוענאָס איירעס, 1952

SALOMON SIMON

# AMOLIKE IDN

(LOS JUDIOS ANTIGUOS)



Editorial
"IDBUJ"
de la Asociación Pro-Escuelas Laicas Israelitas
en la Argentina
BUENOS AIRES - 1952

# אינהאַלט

# קדושה אין טאָג־טעגלעכן לעבן

(אַ ר יי נ פּ י ר)

די אַלע מעשׂיות פון „אַמאָליקע יידן" זענען נישט קיין אויסגע־טראַכטע. יעדע מעשׂה האָט עטלעכע נוסחאות אין יידישן פאָלקלאָר. דאָס בוך איז מיין אייגענער נוסח.

ווען אַ פאָלקלאָר־מעשׂה ווערט דערציילט אין עטלעכע וואַריאַנטן איז עס אַ סימן, אַז זי האָט געקאָנט פאַסירן אומעטום און איז אָפט גע־שען. עס קען אָבער זיין, אַז זי איז קיינמאָל נישט פאַרלאָפן ווי זי איז דערציילט אָדער פאַרשריבן געוואָרן. אַן אמתע מעשׂה־שהיה איז אַן איינמאָליקער פאַקט. אָבער אַ פאָלקס־מעשׂה, וואָס ווערט דערציילט און איבערדערציילט אין פאַרשידענע וואַריאַנטן, איז אַן אמת, וואָס האָט געקענט פאַסירן, אָדער וואָס האָט געדאַרפט פאַסירן און טאַקע געטראָפן אויף איין אופן אָדער אַן אַנדערן אופן.

פאַרוואָס זענען פאַראַן אַזוי פיל הויך־עטישע מעשׂיות וועגן די יידן אין די שטעט און שטעטלעך פון פוילן, אוקראַינע, ליטע, רייסן און גאַ־ליציע? די סיבה איז, ווייל לויט דעם עטישן ניוואָ פון די יידישע קהילות איז געווען גרינג צו זיין אַ צדיק. מען קען זאָגן, אַז צדקות איז געווען די נאָרמע פון טאָג־טעגלעכן לעבן. גוטסקייט, פרומקייט און ערלעכקייט זענען געווען זעלבסטפאַרשטענדלעכע זאַכן ביי יידן. אַלע האָבן מקנא גע־ווען דעם צדיק, וואָס האָט כּוח געהאַט, דורך מעשׂים טובים, צו דער־נענטערן זיך צו גאָט.

עס גייט אין לעבן אַ סך פון אונדזערע טאַנגעבער צו באַווייזן, אַז די שטעטלעך פון די תפוצות ישׂראל זענען געווען „בלאָטעס אין מאַ־

טעריעלן און גייסטיקן זין״. און ווען מען ווייזט זיי אָן אויף דער גאָר גרויסער צאָל ערלעכע, פרומע, עטישע און שיינע פערזענלעכקייטן, וואָס זענען געווען אין די שטעטלעך, נישט נאָר צווישן די למדנים, רבנים און כלי־קודש, נאָר אויך צווישן דעם פּראָסטן עולם, דערציילן זיי אייך פון קלאַסן־צעטיילונג, פון עוולות און רשעות פון יחידים און כלל.

אָבער די מרשיעים באַנעמען נישט, אַז דאָס וואָס יידן זענען געווען ווי אַלע מענטשן איז אַ פאַרשטענדלעכע און נאַטירלעכע זאַך. ס׳איז דאָך קיין ווונדער נישט. יידן עסן און טרינקען, שלאָפן און פאַרמערן זיך ווי אַלע מענטשן. וויכטיק איז פאַר אונדז בולט צו מאַכן אויף וויפל איז דאָס יידישע שטעטל געווען אַנדערש פון דער אַרומיקער נישט־יידישער סביבה.

דאָס מיינט נישט, אַז מיר דאַרפן פאַרלייקענען און פאַרטושן די שלעכטע זאַכן, וואָס זענען געווען אין יידישן לעבן. עס מיינט נאָר, אַז מיר דאַרפן האָבן געַנוג אהבת ישראל צו פאַרשטיין, אַז דאָס געוויינטלעך מענטשלעכע ביים יידישן פאָלק, דער „יצר לב האדם רע מנעוריו — דעם מענטשנס האַרץ איז שלעכט פון דער יוגנט אָן — איז אַ זעלבסט־פאַרשטענדלעכקייט. דאָס איז דאָך דער חומר. אָבער דאָס וואָס יידן האָבן פאַרמאָגט אַזויפיל „ותחסכהו מעט מאלהים״ — און דו האָסט אים גע־מאַכט עטוואָס וויניקער פון גאָט — איז גאָרנישט אַזוי זעלבסטפאַר־שטענדלעך. דאָס איז דער ווונדער און די רעטעניש פון יידישקייט.

מיר דאַרפן גריבלען זיך, פאָרשן און זוכן צו פאַרשטיין ווי אַזוי עס האָבן אונדזערע טאַטעס און זיידעס געקענט פאַרוואַנדלען יעדע וואָכע־דיקע עובדא אין אַ טאַט פון קדושה און דינסט צו גאָט. מיר דאַרפן פּרו־בירן אויסצוגעפינען פאַרוואָס איז זיי געלונגען אויפצובויען אַ יידיש לעבן, אין אַ פרעמדער סביבה, וואָס זיין ענדציל איז געווען: „רשעות וועט אָוועק ווי אַ רויך, ווייל דו וועסט אָפּשאַפן רויב־ממשלה פון דער וועלט״. אפשר וועט אונדז געלונגען זיי נאָכטון.

דאָס בין איך אויסן מיט די מעשיות „אַמאָליקע יידן״.

י״ג תשרי תשי״ב, ברוקלין, ניו־יאָרק

# קידוש השם

אין דעם קליינעם שטעטל, קאַפּיטקעוויטש, אין ווייסרוסלאַנד, אויף די ברעגעס פון טייך פּריפּעט האָט אַמאָל געלעבט אַן אָרעמער ייד, אַ דאָרפס־שניידער מיטן נאָמען יאנקל. אַ פּראָסטער ייד איז ער געווען. ער האָט קוים מיט צרות געקענט מאַכן אַלע נויטיקע ברכות אויף אויסנווייניק און מיט מאַטערניש אָפּדראַפּען אַ יום־טובדיקן דאַוונען פון סידור. אָט דער פּראָסטער ייד האָט אויף זיך גענומען איין מצווה — דאַוונען מיט כוונה. דערפאַר איז צו זיין דאַוונען נישט געווען קיין גלייכן אין שטעטל.

ער איז געווען אַ שניידער, אַ דאָרפסגייער, גענייט פּעלצן און סער־מענגעס פאַר פּויערים. איז ער געווען אַ קבצן אין דרייצן פּאָלעס, האָט ער נישט געהאַט קיין אייגענע שטאָט אין שול. ער איז געשטאַנען הינטער דער בימה, אָדער לעבן הרובע, וווּ אַלע אָרעמע יידן שטייען ביים דאַוונען. קיין צו גרויסע דאַוונער זענען די אָרעמע יידן נישט געווען, מען האָט גערעדט און געטומלט. די יונגנט האָט אפילו, ווען מען האָט נישט געטאָרט רעדן, זיך איבערגעוואָרפן מיט ווערטלעך. אָבער נישט יאנקל. ער איז געשטאַנען מיטן פּנים הארט צו דער וואַנט, די אויגן אין סידור און עס האָט אים נישט געאַרט וואָס עס טוט זיך אַרום. קיין קול האָט מען נישט געהערט, אָבער ער האָט שטיל פאַר זיך געדאַוונט שאַרף און קלאָר ווי ער וואָלט פאַרשטאַנען דעם טייטש און קנייטש פון יעדן וואָרט.

ווען ער איז נאָך יונג געווען, בחורוייז, האָבן די יינגלעך אין שול אויסגעפונען, אַז ער איז קיינמאָל נישט מפסיק אין מיטן דאַוונען און רירט זיך נישט פון אָרט ביז ער זאָגט אָפּ עלינו, האָבן די ווייסע חברהני־

קעס אָנגעהויבן אים אָנטון געברענטע צרות. זיי האָבן אים געשלעפּט ביי די פּאָלעס, געקנייפּט אין די ווייכע ערטער, אים אפילו אַראָפּגערוקט דאָס היטל איבער די אויגן. אָבער ער האָט אַלץ נישט מפסיק געווען און זיך נישט גערירט פון אָרט. אַ יינגל, אַ גרויסער שגץ, האָט אים איינ־מאָל אפילו אַ שטאָך געטון מיט אַ לאַנגער שפּילקע. יאנקל איז נישט ווילנדיקערהייט אויפגעשפּרונגען, אָבער ער האָט נישט מפסיק געווען. ביסלעכווייז האָט דער פּראָסטער עולם אָנגעהויבן דרך־ארץ האָבן פאַר אים און נישט צוגעלאָזן די חברה קליינוואַרג אים אָנצורירן. אפילו די לומדים פון שטעטל האָבן פון אים נישט געלאַכט. די ווייבער פון שטעטל האָבן אַלעמען פאַרזיכערט, אַז יאַנקל איז אַ לאַמעד וואָווניק און די פּראָסטע יידן האָבן אים גענומען רופן ר׳ יאַנקל.

זונטיק פאַרטאָג פלעגט ר׳ יאַנקל אַוועק פון שטעטל און פרייטיק פאַר האַלבן טאָג האָט ער זיך אומגעקערט פון די דערפער. ווען ער איז געווען אין דאָרף איז ער איינגעשטאַנען ביי דעם פויער פאַר וועלכן ער האָט דעמאָלט גענייט. ער האָט אַלעמאָל מיטגעבראַכט זיין אייגן ברויט און גאָפּל מעסער. אַ גאַנצע וואָך איז ער אויסגעקומען מיט טרוקן עסן — ברויט מיט ציבעלעס, רעטעך און קאַרטאָפּל, וואָס ער האָט אַליין אָפּגע־באַקן אין אַן אויסגעהייצטן אויוון.

דריי מאָל אַ טאָג האָט ער זיך פאַררוקט אין אַ ווינקל ווייט פון די הייליקע בילדער און זיך געשטעלט דאַווענען. די פויערים האָבן שוין אויך געוווסט, אַז ווען יאַנקיעל „מאָדליעט״ זיך דאַרף מען אים לאָזן צורו. איינמאָל האָט זיך אַ רייכער פויער געהאַלטן אַ געוועט מיט די אַנדערע פויערים אין אַן עמער בראָנפן, אַז יאנקל וועט מפסיק זיין פון דאַווענען. דער פויער איז אַריינגעלאָפן צו יאנקלען ווען ער האָט גע־דאַוונט און אויסגעשריען: „פּאַזשאַר״! עס ברענט! שנעל אַנטלויף. יאנקל האָט זיך אפילו אויף אים נישט אומגעקוקט. דער בעל גוף איז געוואָרן זייער אין כעס און האָט געוואָלט אָנרייצן אויף אים זיין יאַגד־הונט. די פויערים האָבן נישט געלאָזן. זיי האָבן געטענהט אַז דאָס איז דאָך רשעות. דער הונט קען נאָך דעם יידן אומוואַרפן און איידער וואָס ווען אים גוט צעביי‌סן. דער סטאַראָסטע האָט צוגעשטימט און געהייסן דעם בעל גוף שטעלן דעם עמער בראָנפן.

טרעפט אַמאָל אַז ר׳ יעקב איז אָנגעקומען אין אַ דאָרף נישט ווייט פון אַ שטעטל און נישט געפונען קיין אַרבעט ביי די פויערים. ער איז אַריין שפּעט נאָכמיטאָג אין דער יידישער קרעטשמע איבערצונעכטיקן. ווען דער קרעטשמער האָט אים דערזען האָט ער פריידיק אויסגעשריען:

— נאָר גאָט אַליין האָט אייך היינט צוגעשיקט.

ר׳ יעקב האָט פאַרווונדערט געפרעגט: וואָס איז די שמחה?

דער קרעטשמער האָט זיך צערעדט:

— פאַרשטייט מיך, ר׳ יעקב, ס׳איז ביי מיר היינט אין אָוונט יאָר־צייט נאָכן טאַטן. ס׳זענען נאָך געבליבן אַ צוויי שעה צו מעריב און מיט היינטיקן שליט־וועג קען איך גרינג אָנקומען אין שטעטל אין צייט. מיין ווייב חלשט מיטפאָרן אין שטעטל — זי דאַרף איינקויפן טויזנט און איין זאַך. מיין שוועגערין האָט געזאָלט קומען אַכטונג געבן אויף דער קרעטשמע איז זי נאָך נישטאָ. האָב איך שוין געמיינט אַז איך וועל מוזן פאָרן אַליין. שיקט אייך גאָט צו.

ר׳ יעקב האָט זיך געקווענקלט:

— איר ווייסט דאָך מאָרגן פרי דאַרף איך זיך לאָזן אין וועג, צוגיין אין אַן אַנדער דאָרף, אפשר וועט דער בורא עולם עפּעס צושיקן אויף חיונה.

דער קרעטשמער האָט אַ מאַך געטון מיט דער האַנט:

— ערשטנס קען מיין שוועגערין קומען יעדע רגע. און צווייטנס אויב נישט, וויל איך חלילה נישט אומזיסט. איך וועל אייך מטיב זיין פאַר אייער טרחה. קיין צו שווערע אַרבעט האָט איר נישט. איר דאַרפט נאָר אַכטונג געבן אויף מיין פאַראָבעק מאטוויי. ער וועט שטיין ביים שענק־טיש. איר וועט נאָר צונעמען דאָס לייזונג.

ר׳ יעקב האָט מסכים געווען.

באַלד ווי דער קרעטשמער איז אַרויס האָט זיך ר׳ יעקב געשטעלט דאַווענען מנחה. מאַטוויי איז אַרויס אָנקאָרמען די קי. ווען ער האָט זיך צוריקגעקערט פון שטאַל איז ר׳ יעקב נאָך אַלץ געשטאַנען און געדאַוונט. איידער ער איז פאַרטיק געוואָרן מיט דער מנחה איז שוין געוואָרן צייט דאַווענען מעריב.

ר׳ יעקב דאַוונט ווי זיין שטייגער איז — שטיל, אָבער מיט טיפער

כוונה און ער רעדט אַרויס יעדעס וואָרט קלאָר, פּאַמעלעך און נישט גע־אײַלט. מיט אַמאָל האָט זיך דערהערט פון דרויסן אַ טומל, אַ רעש, אַ קלאַפּן פון קאַפּיטעס און אַ בילן פון הינט. תּיכּף האָט די טיר אויפ־געפּראַלט און ס'איז אַריין אַ יעגער מיט אַ ביקס פאַרוואָרפן אויף דער פּלייצע און אין דער האַנט אַ דיקע רימענע בייטש. ר' יעקב האָט זיך אפילו נישט אַ קער געטון אַ קוק צו טון ווער עס איז אַריין. דער יעגער האָט דערזען אַ ייד שטיין אין שענק, האָט ער אַ פּאָך געטון מיט דער בייטש און אויסגערופן:

— העי, זשידאָק, דערלאַנג בראָנפן. אַ פלאַש מיט אַ גלאָז — איך בין אַ דערפרוירענער.

ר' יעקב האָט נישט געענטפערט. מאַטוויי איז אַרויס פון הינטער דעם שענק־טיש מיט אַ טאַץ אויף דער האַנט, אויף דער טאַץ אַ פלעשל בראָנפן, אַ גלאָז און צובייסן. ער איז צוגעקומען צום פּריץ און געזאָגט:

— אומזיסט אייער שרייען און פאָכען מיט דער בייטש, פּריצל, ער וועט נישט ענטפערן. ווען יאַנקיעל מאָדליעט זיך רירט ער זיך נישט פון אָרט. אַלע ווייסן עס. איך וועל אײַך באַדינען.

— וואָס פלאַפּלסטו, פּויערל? האָט דער פּריץ געזאָגט מיט רוגזה.

— איך זאָג, אַז ער וועט נישט ענטפערן. דער ייד מאָדליעט זיך.

— אַז איך, גראַף זעמסקי, רעד צו עמיצן ענטפערט מען מיר, האָט דער יעגער געזאָגט מיט גאווה.

ער וועט נישט ענטפערן — האָט דער פּויער זיך געהאַלטן ביי זיינס. ער מאָדליעט זיך. איך וועל אײַך באַדינען.

— אַוועק פּויערל, האָט דער גראַף געזאָגט מיט כּעס, אַז נישט וועסטו פאַרזוכן מיין קאַנטשיק.

מאַטוויי איז אָפּגעטראָטן מיט שרעק. דער יעגער איז צוגעגאַנגען נענטער צו ר' יעקבן און אויסגעשריען נאָך העכער ווי פריער:

— ייד, איך רעד צו דיר!

ר' יעקב האָט ווייטער געדאַוונט. דעם יעגערס פּנים איז פאַרלאָפן מיט בלוטיקער רציחה. ער האָט אויפגעהויבן די בייטש און זי אַראָפּגע־לאָזן מיט זיין גאַנצן כּוח אויף ר' יעקבס פּנים. די רעכטע באַק איז ביי

אים אויפגעלאָפּן ווי אַ פענכער. אָבער ער האָט זיך נישט גערירט פון אָרט.

אַ ווײַלע איז דער גראָף געבליבן שטיין אַ צעטומלטער — אַזוינס האָט ער נאָך נישט געזען. באַלד אָבער האָבן זיך זיין האָנאָר און רציחה צעברענט אין אים. ער האָט אַראָפּגעכאַפּט די ביקס פון די פּלייצעס, זי אָנגעשטעלט אויף ר׳ יעקבן און אויסגעשריען:

— ענטפער, ייד, אַז איך רעד צו דיר. אַז נישט שיס איך!

מאטוויי איז צוגעפאַלן צו דעם גראַפס פיס און אָנגעהויבן בעטן:

— שיס נישט, פּריצל, ער מאַדליעט זיך און ער וועט נישט ענטפערן. וועסט באַגיין אַ גרויסע זינד. ער איז אַ הייליקער. איך וועל דיר געבן בראָנפן, צובייסן און נישט רעכענען קיין גראָשן, אַבי האָב רחמנות, פּריצל, און שיס נישט.

דער יעגער האָט מיט פאַרביסענעם כעס אַ האַק געטון מיט זיין גראָבן שטיוול מאטווייען גלייך אין בויך. דער פויער האָט זיך אַוועקגעקייקלט מיט אַ יאָמער און געשריי פון ווייטיק. דער גראָף מיט דער ביקס אין האַנט איז צוריקגעגאַנגען הינטערווײַלעכס ביז צו דער טיר, כדי צו צילן בעסער, אָנגעשטעלט די ביקס אויף ר׳ יעקבס קאָפּ און אַרויסגעזייט דורך די ציינער: דאָס איז די לעצטע וואָרנונג, ייד, איינס, צוויי, דריי! — — — ר׳ יעקב איז געפאַלן מיט אַ קויל אין קאָפּ. דאָס לעצטע וואָרט וואָס ער האָט אַרויסגעזאָגט איז „ברחמים“ פון דער תפילה ותחזינה.

⁂

ווען מען האָט געבראַכט דעם הרוג אין שטעטל האָבן די בעלי־מלאכות זיך אַ לאָז געטון אין טהרה שטיבל און געפאָדערט פון חברה קדישא, אַז מען זאָל לייגן דעם קדוש לעבן דעם קבר פון אַלטן רב. עס קומט אַזאַ כבוד צו ר׳ יעקבן. ער איז דאָך געשטאָרבן על קידוש השם.

יענעם יאָר איז געווען גבאי פון חברה קדישא ר׳ דוד, דער מאָנופאַקטור קרעמער, אַ ייד אַ גרויסער למדן און אַ שאַרפער קאָפּ. ער האָט זיך געשטעלט אַנטקעגן מען זאָל באַהאַלטן ר׳ יעקבן אויף אַזאַ געהויבענעם אָרט. דער גבאי האָט איינגעטענהט מיט די בעלי־מלאכות:

— דער רמב״ם פסקנט אין הלכות יסודי התורה אין פינפטן פרק, אַז בלויז צוליב דריי זאַכן דאַרף אַ ייד זיך לאָזן הרגענען: דינען עבודה זרה, גילוי עריות — מזנה זיין מיט אַ לייבלעכן קרוב אָדער אשת־איש און שפיכת דמים — בלוט פאַרגיסן. אויף אַלע אַנדערע מצוות דאַרף מען עובר זיין אין אַ צייט פון סכנות נפשות. דער אָבער, וואָס לאָזט זיך בעסער הרגענען ווי צו עובר זיין אויף אַזוי אַ מצווה, איז גלייך צו איינעם וואָס נעמט זיך דאָס לעבן.

ברוך דער טאָנדעטניק איז אויפגעשפרונגען ווי אַן אָפּגעבריטער:

— יידן, הערט אים נישט. איך בין טאַקע נישט קיין למדן און איך ווייס נישט וואָס דער רמב״ם פסקנט, אָבער עס קען נישט זיין אַז די יידישע תורה זאָל אַזוי פסקענען. אַזוי פסקנט אַ ייד אַ גביר, אַ בעל מיוחס און אַ פאַרריסענער למדן.

ס׳האָט אויסגעבראָכן אַ גרויסע מחלוקת. מען איז אַוועק צום רב ער זאָל פסקענען. דער רב האָט געפסקנט, אַז מען זאָל ר׳ יעקבן מקבר זיין לעבן אַלטן רבס קבר. נישקשה, נישקשה, האָט דער רב געזאָגט: מיין טאַטע עליו השלום וועט זיך נישט שעמען מיטן נייעם שכן.

ווען דער תקיף ר׳ דוד האָט געטייטלט מיטן פינגער אויף דעם סעיף פון אָפענעם רמב״ם האָט דער רב געענטפערט:

— דו, דוד, לערן דעם רמב״ם מיט מפרשים. נישט פאַרלאָז זיך אינגאַנצן אויף זיך. דער כסף משנה זאָגט: דער רמב״ם האַלט אַז דאָס וואָס די גמרא זאָגט „ער זאָל עובר זיין און זיך נישט לאָזן הרגענען״ — מיינט עס, ער מוז עובר זיין און זיך נישט לאָזן הרגענען. אָבער אַנדערע פרומע יידן טייטשן „ער זאָל עובר זיין און זיך נישט לאָזן הרגענען״ — ער מעג עובר זיין, ער האָט רשות. אָבער אויב ער לאָזט זיך בעסער הרגענען ווי באַגיין די עבירה ווערט עס אים פאַררעכנט פאַר אַ גאָר גרויסער מצווה.

אַ יאָר שפּעטער האָבן די בעלי־מלאכות געשטעלט אַ שיינע שטיינערנע מצבה אויף ר׳ יעקבס קבר. אויף דער מצבה זענען געווען אויסגעקריצט צוויי דוכנדיקע הענט. ר׳ יעקב איז געווען אַ כהן. אונטער די צוויי אויסגעשפּרייטע הענט זענען געווען אויסגעקריצט צוויי שורות אויף לשון קודש:

# אמאָליקע יידן

פה נטמן הקדוש ר' יעקב הכהן
ולא חלל את שם קדשו.

**פאַרטייטשט אויף יידיש מיינט עס:**
**דאָ איז באַהאַלטן דער קדוש ר' יעקב דער כהן. ער האָט נישט פאַרשוועכט גאָטס נאָמען.**

# פון אונטער דער חופּה

מיט דריי הונדערט יאָר צוריק האָט דער קאָזאַק כמעלניצקי, ימח שמו וזכרו, חרוב געמאַכט הונדערטער יידישע קהילות און אויסגעהרגעט איבער דריי הונדערט טויזנט יידן. דער רוצח האָט נישט רחמנות געהאַט אויף אַלטע לייט, פרויען און קינדער. עס האָבן זיך געראַטעוועט בלויז די וואָס האָבן אָנגענומען דעם קריסטלעכן גלויבן, אָדער די יונגע מענער און פרויען, וואָס זענען געפאַנגען געוואָרן פון די טאָטערן, וואָס האָבן געמאַכט יד־אחת מיט דעם צורר היהודים. ווייניק יידן האָבן זיך געשמדט, אָבער גאָר אַ סך יידן זענען פאַרשלעפּט געוואָרן פון די טאָטערן צו פאַר־קויפן פאַר שקלאַפן. די גרעסטע צאָל געפאַנגענע זענען געבראַכט געוואָרן אין די קהילות פון מערן, עסטרייך און טערקיי און זענען דאָרט מיט יידיש געלט אויסגעלייזט געוואָרן פון די גוייִשע הענט.

---

און עס איז געווען אין אַ קליין שטעטל אין מערן, אַ יידישער שמיד איז געשטאַנען אין קוזניע און געאַרבעט און לעבן אים איז געשטאַנען זיין זון, אַ בחורל פון זיבעצן יאָר, און אים צוגעהאָלפן. מיטאַמאָל איז געוואָרן אַ טומל און אַ געלאַף — אַ מחנה טאָטערשע זעלנער איז אָנגעקו־מען. און די מחנה זעלנער האָט געפירט מיט זיך געפאַנגענע פון אוקראַיִנע און פוילן. שטייען טאַטע און זון און קוקן זיך צו צו די געפאַנגענע און זיי זעען אַ יונג מיידל מיט די הענט געבונדן אויף הינטן. בלייך און אָפּגעצערט איז זי געווען, אָנגעטון אין שמאַטעס און טראַנטעס. אָבער פון דעם גע־מיינעם אָנטאָן אירן האָט אַרויסגעלויכטן איר יידישער חנודיקער פּנים.

## שלמה סיימאָן

דערשפּירט אויף זיך דאָס מיידל די אויגן פון דעם שמיד און זיין זון, הייבט זי אויף איר קול מיט אַ גרויס געוויין און געבעט:

— יידן, לייזט מיך אויס פון די גוישע הענט, איידער זיי זענען מיך מטמא, אָדער שמדן מיך אָפּ.

דער שמיד און דער זון האָבן זיך אַ ריס געטון פון זייער אָרט און זענען צוגעלאָפן צום הויפּט פון די זעלנער און אים געפרעגט וויפל ער וויל פאַר דעם יידישן מיידל.

ווען דער הויפּט האָט דערזען ווי שטאַרק נייגעריק די יידן זענען אָפּצוקויפן דאָס מיידל האָט ער אַ בעט געטון אַ גרויסן מקח פאַר איר. דער שמיד האָט אים געענטפערט, אז ער האָט נישט אזויפיל געלט. דער הויפּט פון חייל האָט געענטפערט רואיק:

—אויב איך קריג פאַר איר נישט מיין מקח, וועל איך זי האלטן פאר זיך. זי איז דאָך אַזאַ שיינע. נאָכדעם ווי איך וועל זיך מיט איר אָנזעטיקן, וועל איך זי אַוועקגעבן האלב אומזיסט. איך האָב אָפּגעהיט איר בתולהשאפט, ווייל איך האָב געוואָלט קריגן פאר איר, וואָס זי איז ווערט.

דער שמיד האָט אים געענטפערט:

— איך וועל דיר געבן הונדערט גאָלדענע ויענדלעך. צו וואָס דאַרף אַזאַ שיינער מאַן ווי דו, אַן אָפּגעריסן מיידל מיט אויגן רויט פון וויינען? עס פעלן דיר קעפּסווייבער אין איסטאַמבול?

דער הויפּט האָט זיך אַ קראַץ געטון אין דער פּאַטילניצע:

— טאקע, זי איז שטענדיק פאריאָמערט. נו, גיב דאָס געלט און האלט זיך מיט דער מציאה.

און דאָס מיידל איז געבליבן ביים שמיד אין הויז. קיין טעכטער האָט ער נישט געהאַט נאָר איין און איינציקן זון, וואָס האָט אים אַרויסגעהאָלפן אין קוזניע, האָט ער און זיין פרוי זי געהאַלטן ווי אַ טאָכטער.

די ערשטע צייט איז דאָס מיידל געווען פארטרויערט און פארקלאָגט. איר געמיט איז דאָך געווען שווער. זי האָט באַוויינט איר פאָטער און מוטער און איר חתן. די רוצחים זענען אַריין אין שטאָט פונקט ווען זי איז געשטאַנען אונטער דער חופה. איידער דער חתן האָט זי מקדש געווען, זענען די פּוחזים באַפאַלן די שטאָט. ווער עס האָט געקאָנט אַנטלויפן איז אַנטלאָפן. דער וואָס איז נישט אַנטלאָפן, איז געהרגעט געוואָרן. בלויז די

יונגע מיידלעך און ווייבלעך האָבן די טאַטערן געלאָזן לעבן, כדי צו פאַרקויפן זיי אויף די שקלאַפן־מערק פון קאָנסטאַנטינאָפּאָל און סמירנע.

דעם שמידס ווייב האָט אָפּגעהיט מרימען, (אַזוי האָט זיך גערופן דאָס מיידל), ווי אַ בת־יחידה. זי האָט איר נישט געלאָזן אַריינשטעקן אַ פינגער אין קאַלטן וואַסער. אַלע מאָנטיק און דאָנערשטיק האָט זי איר געקויפט נייע קליידער. דאָס מיידל איז ביסלעכווייז, ביסלעכווייז געקומען צו זיך.

דעם שמידס זון, יאָסל, האָט זיך שטאַרק צוגעבונדן צו דעם פרעמדן מיידל. און זי איז טאַקע געווען שיין! איר טרויער און איר בלייכקייט האָבן צוגעגעבן חן און ליבשאַפט צו איר שיין געטאָקט פנים. דער בחור איז נאָכגעגאַנגען אירע טריט.

אַ יאָר איז אַריבער און נאָך אַ האַלב יאָר. דאָס מיידל איז געוואָרן מונטערער, לעבעדיקער און פריילעכער. איינמאָל האָט זי זיך אפילו שטאַרק צעלאַכט. דאָס איז געווען, ווען די עפּל זענען צייטיק געוואָרן. יאָסל האָט אָפּגעריסן אַ פול היטל מיט רויטע עפּל און עס געבראַכט צו מרימען. ער איז געבליבן שטיין אין מיטן שטוב און נישט געוווסט ווי אַזוי צו רעדן מיט איר. האָט ער געהאַלטן דאָס היטל מיט די עפּל, גע־קוקט אויפן מיידל און אויסגעזען זייער נאַריש. מרים האָט אַ קוק געטון אויף דעם גרויסן בחור, וואָס זעט אויס אַזוי פאַרלאָרן און צעטומלט און זי האָט זיך שטאַרק צעלאַכט. יאָסל האָט אַ וואָרף געטון דאָס היטל מיט די עפּל און איז אַרויסגעשפּרונגען דורכן פענצטער און גענומען לויפן צום טאַטן מיט דער בשורה:

— טאַטע, מרים האָט זיך הויך צעלאַכט.

מרים איז געשטאַנען אין פענצטער און אים נאָכגעשריען:

— יאָסל, ניטע, קום צוריק. גייסט דאָך בגילוי ראש, אָן אַ היטל.

דאָס מיידל האָט זיך צעבליט. שדכנים זענען געקומען צום שמיד וועגן שידוכים. ווען אַ שדכן איז געקומען צום שמיד, איז אַ מרה שחורה באַ־פאַלן יאָסלען, זיין זון. טאַטע־מאַמע האָבן עס באַמערקט און אָנגעהויבן רעדן צווישן זיך:

— פאַרוואָס זאָלן מיר אוועקגעבן אַזאַ ברילּיאַנט צו אַ פרעמדן? זאָל זי בעסער חתונה האָבן מיט אונדזער יאָסלען!

נו, האָבן זיי גערעדט צום מיידל. אין אָנהויב האָט זי זיך צעוויינט.

אָבער קיין נאר איז זי נישט געווען, זי האָט געוווסט, אַז קיין בעסערן מאַן ווי דעם פאַרליבטן יאָסל וועט זי נישט קריגן. דער שמיד און זיין ווייב זענען אויך איר געווען איינגעבאקן אין הארצן צוליב זייער גוטסקייט און איידלקייט. האָט דאָס מיידל געזאָגט צו אירע רעטער פון די גוויישע הענט:

— איך בין מסכים. מסתמא איז אַזוי באַשערט.

דער שמיד און זיין ווייב האָבן זי אַרומגענומען און זי געקושט און גערעדט צו איר:

— מיר וועלן זיין צו דיר נישט נאָר שווער און שוויגער, נאָר טאַטע־מאַמע. ליכטיק איז געוואָרן אונדזער שטוב זינט דו ביסט געקומען, גליק און פרייד האָסטו אונדז געבראַכט.

מרים האָט זיי אויך געקושט און געוויינט.

דער שמיד און זיין ווייב האָבן זיך אָנגעהויבן גרייטן צו דער חתונה. זיי זענען דאָך געווען אי חתנס צד אי כלהס צד. זיי האָבן זי באַקליידט פון קאָפּ ביז די פיס. איר געקויפט צירונג־מתנות. דעם חתן האָבן זיי פאַרשטייט זיך אויך נישט פארגעסן. אַפילו מיט אים האָבן זיי געהאַט צרות, וואָס מען האָט אים געקויפט אָדער אויפגעגנייט האָט ער געזאָגט — בעסער קויפן פאַר דעם געלט עפּעס פאַר מרימען.

אַ טאָג פאַר דער חופה האָט דער שמיד געמאַכט אַן אָרעם־מאָלצייט. די לאַנגע טישן זענען געווען געגרייט מיט כל־טוב — פיש און פלייש, וויין און פרוכט און לעקעך און בראָנפן. אָרעמעלייט פון דער גאַנצער סביבה זענען געקומען. זיי האָבן געגעסן, געטרונקען און געפרייט זיך. חוץ די סאַרווערס האָבן אויך דער מחותן און די מחותנתטע, חתן און כלה דערלאַנגט דאָס עסן און טרינקען. זיי האָבן נישט געוואָלט פאַרפעלן די גרויסע שמחה צו באַדינען אָרעמעלייט.

מיטאַמאָל באַמערקט דער מחותן, אַז די אָרעמעלייט אַרום איין טיש רירן זיך כמעט נישט צו צום עסן. ער איז צו זיי צוגעגאַנגען און געפרעגט:

— רבותי, פאַרוואָס פאַרשעמט איר מיין טיש? אפשר געפעלט אייך נישט דאָס עסן? אדרבה זאָגט. שעמט זיך נישט. מיר האָבן אָנגעגרייט מכל טוב וועלן מיר אייך עפּעס אנדערש דערלאַנגען.

האָבן די אָרעמעלייט געענטפערט און געזאָגט:

— אדרבא, דאָס עסן פאַסט אפילו פאַר אַ מלך. די פיש שמעקן ווי דער לויתן און דער וויין איז זיס און שטאַרק ווי דער יין המשומר און די יויך איז צו שפּיגלען זיך אין איר. אָבער אָט זיצט לעבן אונדז אַ יונ־גערמאַן, וואָס פאַרשלאָגט אונדז דעם אַפּעטיט. ער גיסט מיט טרערן, אָכצט און קרעכצט און פאַרקלאָגט אונדז דעם קאָפּ.

דער שמיד האָט אַרויסגערופן דעם וויינענדיקן יונגנמאַן פון טיש, אים אַריינגענומען אין אַ באַזונדער צימער און צו אים געזאָגט:

— יונגערמאַן, פאַרוואָס ביסטו געקומען פאַרשטערן מיין שמחה? מיין בן־יחידס חתונה? אויב דו ביסט אין אַ צרה, ביסט שולדיק עמעצן געלט, זאָג מיר, וועל איך דיר אויסלייען, אָדער אויסבאָרגן וואָס דו דאַרפסט. גאָט האָט אַריינגעשיקט זיין ברכה צו מיר אין הויז, זינט מיר האָבן אויס־געלייזט דאָס מיידל. אָדער אפשר ביסטו אין גלאָט אַ צרה, וועל איך דיר אַרויסהעלפן. ס'איז היינט אַ גליקלעכער טאָג ביי מיר. איך פיר צו דער חופה מיין בן־יחיד מיט א כשרער יידישער טאָכטער, וואָס איך האָב אויסגעלייזט פון גויישע הענט. ווער איז דאָס זוכה צו פאַרדינען אזא מצווה? דערצייל מיר דיינע צרות און וויין נישט.

האָט דער יונגערמאַן זיך ביטער צעוויינט און געזאָגט:

— ווי זאָל איך נישט וויינען, אז איך זע מיט מיינע אייגענע אויגן ווי מיין כלה האָט חתונה מיט אַן אנדערן? מרים און איך זענען געווען פאַרקנסט, ווען מיר זענען קינדער געווען, פון אונטער דער חופּה האָבן זי די היידאמאַקעס אַרויסגעריסן פון מיינע הענט. ווי דורך אַ נס בין איך ניצול געוואָרן פון טויט. מיין האַרץ האָט מיר געזאָגט, אז זי לעבט ערגעץ. די גאַנצע צוויי יאָר האָב איך זי אַרומגעזוכט. איצט, אַז איך האָב זי גע־פונען, ווערט זי אַוועקגעגעבן אַן אנדערן. און איך ווייס — האָט דער יונגערמאַן צוגעגעבן, אז איר זענט ערלעכע, טייערע מענטשן, וואָס איר האָט אַ סך גוטס איר געטון. ווען איך וואָלט זיך געקאָנט גובר זיין, וואָלט איך נישט געדאַרפט דאָ זיין און פאַרשטערן אייער שמחה. אָבער איך קאָן נישט, איך קאָן נישט — האָט זיך דער יונגערמאַן נאָך מער צעיאָמערט. מיין האַרץ איז צעבראָכן אין מיר.

דער שמיד איז געשטאַנען אַ בלייכער, אַלע אברים האָבן ביי אים געציטערט. ער האָט ווי אַרויסגעשטאַמלט:

— פון וואנען ווייס איך, פרעמדער, אז דו זאָגסט דעם אמת?

דער יונגערמאַן האָט אַרויסגענומען א טיכעלע, וואָס איין עק איז געווען פארבונדן מיט א קנופּ. ער האָט פונאנדערגענומען דעם קנופּ און אַרויסגענומען א שטר תנאים און א כתובה.

דער שמיד האָט איבערגעלייענט די תנאים און די כתובה און ער האָט געזאָגט:

—מאלע וואָס דו האָסט די תנאים און די כתובה. פון וואנען ווייס איך, אַז דו האָסט זיי ערגעץ נישט געפונען, אָדער אפשר האָסטו עס גאָר געגנבעט? די צייט איז אַן אומרואיקע, ווער ווייסט וועמען מען קאָן געטרויען.

דער יונגערמאַן האָט זיך פאַרטראַכט און דערנאָך געזאָגט שע־מעוודיק:

— איך וועל אייך געבן א סימן. גייט און זאָגט איר, אז מרדכי זאָגט: מרים איז „כשושנה בין החוחים, כן רעיתי בין הבנות", אויף פּראָסט יידיש זאָגט איר: מרדכי זאָגט: „ווי אַ רויז צווישן די דערנער, אַזוי איז מיין כלה אין פאַרגלייך מיט די אנדערע מיידלעך".

דער שמיד האָט אויף אים אָנגעשטעלט אַ פּאָר אויגן:

— עפּעס גאָר אין רעטענישן רעדן צו איר?

דער יונגערמאַן האָט זיך פאררויטלט און אים דערקלערט:

— פאַרשטייט מיך, איך בין געווען אַ פריילעכער בחור, וואָס האָט מיר געפעלט? אַ רייכן טאטן האָב איך געהאט, אַ בעל מיוחס בין איך, לערנען קאָן איך. מרימען האָב איך געקאָנט פון קינדווייז אָן. מיר האָבן געוווינט א שטוב לעבן אַ שטוב. פלעג איך זיך רייצן מיט איר. צום באַ־דעקנס, ווען איך האָב זיך איבערגעבויגן איבער איר און אַריבערגעוואָרפן איבער איר קאָפּ די זיידענע טוך, ווי דער מנהג איז, האָב איך אַריינ־געשעפטשעט איר אין אויער דעם פסוק פון שיר־השירים.

דער שמיד האָט געזאָגט צום יונגנמאַן:

—וואַרט דאָ ביז איך וועל צוריקקומען.

דער מחותן איז אַריין אין שטוב, אויפגעזוכט חתן־כלה, אַריינגענומען זיי אין א באַזונדער צימער און א קער געטון זיך צו מרימען און גע־זאָגט:

—מרדכי האָט געזאָגט, אז איך זאָל דיר זאָגן אויף פּשוטן עברי טייטש: „ווי אַ רויז צווישן די דערנער אַזוי איז מיין כלה אין פאַרגלייך מיט די אנדערע מיידלעך״.

מרים איז געפאַלן ווי אַ סנאָפּ — אַ געחלשטע.

דער חתן איז געבליבן שטיין א צעטומלטער, א דערשראָקענער, דער־נאָך איז ער צוגעפאלן צו מינטערן די כלה. ער האָט געשריען צום טאטן:

— וואָס האָסטו איר געזאָגט, טאטע, וואָס האָסטו איר געזאָגט, אַז זי איז געפאלן אין חלשות?

דער שמיד האָט זיך צעוויינט.

---

ווען דער טומל האָט זיך איינגעשטעלט האָט דער שמיד געזאָגט צום זון:

— נו, וואָס זאָלן מיר איצט טון, זון מיינער? איך קען זיך נישט קיין עצה געבן.

יאָסל האָט געענטפערט מיט פאַרביסענע ליפּן:

— טאַטע, גאָטס רצון איז אַז מרים זאָל חתונה האָבן מיטן ערשטן חתן. איך האָב געזען ווי זי איז צוגעפאַלן צו זיינע פיס מיט אַ יאָמער און אַ קלאָג. זיי זענען באַשערט פון גאָט. איך וויל נישט חתונה האָבן מיט אַ פרעמדער כלה.

— אָבער מיר האָבן דאָך אָנגעגרייט אַ חתונה־מאָלצייט. מרימען האָבן מיר געגעבן מתנות און אויסשטייער און דיר האָבן מיר אויפגענייט חתונה־קליידער, האָט געיאָמערט די מאַמע.

יאָסעלע האָט אַרומגענומען די מאַמע, זי געקושט און איינגעטענהט מיט איר:

— מאַמע, מרים איז דיין טאָכטער, פיר זי צו דער חופה. נעם מיינע קליידער און גיב עס אויך מרדכין.

די מאַמע איז געבליבן שטיין ווי אַ צעמישטע.

— פאַרשטייסט מיך, האָט יאָסעלע געזאָגט, איך האָב ליב מרימען, איך האָב זי ליב ווי מיין אייגן לעבן. אָבער אַלעמאָל האָב איך געוווּסט,

אַז צוליב יענעמס אומגליק איז מיר באַשערט געווען דאָס גליק. ווי, מאַמע, ווען עס וואָלט געווען פאַרקערט? ווען איך בין מרדכי און מרדכי איז איך, יאָסל?, וואָלסטו נישט געזאָגט אַז ער מיט זיין גוטסקייט האָט אַוועקגעגזלט מיין כלה, מאַמע?

דער שמיד האָט געבראָכן די הענט. די מאַמע האָט געיאָמערט און יאָסעלע האָט אָנגעהויבן רעדן גוטע רייד צו זיי:

— טרויערט נישט, קלאָגט נישט. פירט מרימען צו דער חופּה. די טאַטע און די מאַמע וועלן זיין כלהס צד און איך חתנס צד.

ווען זיי האָבן זיך אַלץ נישט איינגעשטילט, האָט זיך יאָסעלע צע־שריען מיט אַ געוויין:

— וואָס צאַפּט איר מיין בלוט? וואָס מיינט איר — מיר איז עס גרינג אַריבערצוטראָגן? אָבער אַ חתונה וועט זיין. אַז נישט אַנטלויף איך פון שטוב.

און מרים איז צוגעפאַלן צו זיינע פיס מיט אַ גרויס געוויין:

— יאָסעלע, יאָסעלע, ברודער מיינער. גאָט וועט דיר באַצאָלן פאַר דיין גוט האַרץ. זיי מיר מוחל מיין תקיעת כף וואָס איך האָב דיר געגעבן ביים קנין, אָבער אָננעמען דעם אויסשטייער און די מתנות און חתונה האָבן מיט מרדכין קען איך נישט.

יאָסעלע האָט געענטפערט האַרב:

— איך בין דיר מוחל דעם קנין אָבער מיטן תנאי, אַז די חופּה וועט נישט אָפּגעלייגט און דו נעמסט אָן דעם אויסשטייער און די מתנות און מרדכי גייט אין מיינע בגדים צו דער חופּה.

די חופּה איז נישט אָפּגעלייגט געוואָרן.

יאָסעלע איז געווען דער זיידע פון בעל־הש״ט.

# די פּאַמיליע זאַק

די מעשה האָט זיך פּאַרלאָפן אין אַמאָליקן פּוילן. אין יענער צייט איז יעדער פּריץ געווען קייסער אויף זיין אייגענעם מאַיאָנטעק. ער האָט געקענט אַריינזעצן אין תפיסה ווען ער האָט געוואָלט, באַשטראָפן מיט שמיץ ווען עס האָט זיך אים געגלוסט און אפילו פאַרמשפּטן אויף טויט האָט ער געהאַט דאָס רעכט.

און עס האָט דעמאָלט געלעבט אַ גרויסער פּריץ מיטן נאָמען טרוּ־בעצקי. ער האָט פאַרמאָגט וועלדער, פעלדער, שטעט און דערפער. אין יעדן דאָרף איז געווען אַ שענק, און ווי עס האָט זיך געפירט אין יענע צייטן, זענען די שענקען געווען אין אַרענדע ביי יידן.

אין אַן אָרעמען דאָרף, נישט ווייט פון אַ קליין יידיש שטעטל, האָט געהאַלטן אין פאַכט די שענק אַ ייד מיטן נאָמען שמחה. קיין צו גרויסער געשעפטסמאַן איז שמחה נישט געווען און דערצו איז דער דאָרף געווען אַן אָרעמער, האָט דער שענקער זייער ווייניק פאַרדינט. קוים מיט צרות פלעגט ער אָפּשפּאָרן אַלע יאָר גענוג אויף צו באַצאָלן פאַר דער פאַכט.

איינמאָל האָט געטראָפן אַז עס איז געווען זייער אַ טרוקן יאָר. דער פּויער האָט ווייניק אַראָפּגענומען פון פעלד און די לייזונג אין שענק איז געווען זייער קליין. וואָס צו אויפקויפן פון פּויער איז אויך נישט געווען. שמחה האָט פאַרדינט קוים אויפן טרוקענעם שטיקל ברויט, וויפל ער האָט געשפּאָרט, געקאַרגט, האָט נישט געהאָלפן. צום סוף יאָר איז אים נישט געבליבן קיין גראָשן צו באַצאָלן דעם פּריץ פאַר דער פאַכט.

ווען דער צאָל־טאָג איז געקומען, איז דער ייד אַוועק צום עקאָנאָם,

וואָס האָט געפירט דעם פּריצס געשעפטן און אים דערציילט דעם אמת: ער האָט נישט קיין קראַשן ביי דער נשמה. ער ווייסט דאָך, דאָס יאָר איז געווען אַ שלעכטס, ווייניק רעגן איז געגאַנגען און דער פויער האָט נישט געהאַט צו פאַרקויפן און מיט וואָס צו קויפן.

דער עקאָנאָם איז געווען נישט קיין שלעכטער גוי, האָט ער געזאָגט צום יידן:

— איך ווייס דיין מצב, האָסט טאַקע נישט. דו האָסט אָבער מזל. דער פּריץ איז אין אויסלאַנד, וועל איך וואַרטן.

אויפן צווייטן יאָר האָט שמחה געבראַכט דאָס געלט פאַרן פאַכט, אָבער ער האָט נישט געקענט באַצאָלן דעם אַלטן חוב. דער פּריץ איז נאָך אַלץ געווען אין אויסלאַנד, האָט דער עקאָנאָם געזאָגט:

— נו, איך וועל וואַרטן מיטן אַלטן חוב. וואָס וועט מיר אַרויסקומען אַז איך וועל דיך אַרויסוואַרפן פון דער קרעטשמע? דער חוב וועט דאָך דעמאָלט שוין זיכער זיין פאַרפאַלן.

אויפן דריטן יאָר איז דער פּריץ צוריקגעקומען פון אויסלאַנד. ער האָט אָפּגענומען אַ חשבון פון זיין עקאָנאָם. ווען ער האָט אויסגעפונען אַז שמחה האָט נישט באַצאָלט אַ פּאָר דריי־יאָריקן חוב איז ער געוואָרן מלא־רציחה און אָן קיינע שהיות האָט ער אַריינגעוואָרפן אין תפיסה שמחהן מיט זיין משפחה — דאָס וויב מיט צוויי יינגלעך, אַכט און ניין יאָר אַלט, און אַ מיידעלע אָן עופהלע פון זעקס חדשים.

די תפיסה איז געווען אַ פינצטערע, טיפע, שמאָלע גרוב. דאָרט איז געלעגן די יידישע משפחה, פינף נפשות. אַ באַוואָפנטער וועכטער האָט געהיטן טאָג און נאַכט, אַז עס זאָל זיי קיינער נישט ברענגען קיין עסן אָדער טרינקען. יעדן טאָג, אינדערפרי, פלעגט ער אַראָפּלאָזן אין גרוב ברויט אויפן וואָג און וואַסער מיט אַ מאָס.

עס זענען אַוועק זעקס חדשים. עס איז אָנגעקומען דער ווינטער. די יידישע משפחה איז נאָך אַלץ געווען פאַרשפאַרט. דער עקאָנאָם האָט נישט געקענט צוזען דעם יידנס צער; חוץ דעם האָט ער זיך געפילט שולדיק אין יידנס אומגליק. ווען ער וואַרפט אים פאַר דריי יאָרן אַרויס פון קרעטשמע וואָלט ער, שמחה, איצט נישט געלעגן און געפוילט אין גרוב. דער עקאָנאָם איז געווען אַ גוי מיט אַ גוט האַרץ, איינער פון די

אמתע חסידי אומות העולם. איז ער געקומען צום פּריץ און געזאָגט צו אים מיט חכמה:

— מעכטיקער האַר, דער ייד און זיין משפּחה ליגן שוין אין גרוב חדשים לאַנג. וואָס האָסטו פון דעם? אמת, מען שפּייזט זיי נאָר מיט ברויט און וואַסער. אָבער קאָסטן קאָסט עס עפּעס. דערצו האַלט מען נאָך איבער זיי צוויי באַוואָפנטע וועכטער. דאָס קאָסט דאָך אוודאי געלט. די פּויערים האָבן דאָך געקענט אַכטונג געבן אויף די פערד, אָדער אַרבעטן אין פעלד. איצט עסן זיי און טרינקען און טוען גאָרנישט. מען קליידט זיי נאָך דערצו.

דער פּריץ האָט געענטפערט מיט כעס:

— ביי מיר איז געלט בלאָטע ווען איך דאַרף עפּעס אויספירן. מיט מיר שפּילט מען זיך נישט. שמחה מיט זיין פאַמיליע וועלן פאַרפוילט ווערן אין גרוב, ביז ער באַצאָלט נישט וואָס עס קומט פון אים.

— ווי אַזוי קען ער באַצאָלן דעם חוב, ווען ער זיצט אין תפיסה און קען נישט פאַרדינען? — האָט דער עקאָנאָם געפרעגט.

— זעסטו, דאָס ביסטו גערעכט, האָט דער פּריץ געענטפערט. אָבער אויב איך באַפריי אים וועלן אַנדערע יידן מיר אָנזעצן. ניין, עס לוינט זיך מיר ער זאָל דאָרט בלייבן.

— גערעכט איז מיין פּריץ, האָט דער עקאָנאָם געענטפערט, מען טאָר דעם יידן נישט באַפרייען. מען דאַרף אים אָנלערנען. אָבער אפשר וואָלט געווען אַ פּלאַן מיר זאָלן ברענגען דעם יידן און זיין משפּחה געשמידט אין קייטן אין דעם נאָענסטן שטעטל און זאָלן זיי די יידן אויסלייזן. איך האָב געהערט אַז אַנדערע פּריצים האָבן עס געטון. מיר וועלן קריגן אונדזער געלט, מירן אָנלערנען די יידן און מירן פּטור ווערן פון אַ צרה.

— אַ גוטע עצה האָסטו מיר געגעבן, האָט געזאָגט דער פּריץ. מאָרגן ברענג דעם יידן און זיין משפּחה און קריג אויסלייז געלט. אָבער געדענק קיין גילדן נישט ווייניקער פון דריי הונדערט גילדערנע רענדלעך. און זאָג די יידן אַז אויב זיי לייזן נישט אויס זייער שמחהן מיט זיין משפּחה, הענג איך זיי אויף. דאָס עופהלע אויך. און אַז טרובעצקי האַלט וואָרט!

***

דער עקאָנאָם האָט געבראַכט די משפחה, געשמידט אין קייטן, אויפן מאַרק פון דעם נאָענטסטן שטעטל. ער האָט באַפוילן דעם שטאָט פּייקלער ער זאָל אָנהויבן פּויקן אין פּויק, כדי דער עולם זאָל זיך צונויפקלייבן. דער פּייקלער האָט געטון ווי מען האָט אים געהייסן און דאָס גאַנצע שטעטל איז זיך צונויפגעלאָפן. דער עקאָנאָם האָט אויסגערופן:

— אָט די יידישע משפחה, וואָס איר זעט זי געשמידט אין קייטן, איז געבראַכט געוואָרן אַהער איר זאָלט זי אויסלייזן. שמחה דער פּאַכטער איז געבליבן שולדיק דריי הונדערט גילדערנע רענדלעך פּאַרן פּאַכט. דער פּריץ טרובעצקי האָט פאַרשפּאַרט דעם יידן און זיין משפחה אין תפיסה און זיי אָפּגעהאַלטן דאָרט זעקס חדשים. אָבער דער ייד האָט אַלץ נישט באַצאָלט זיין חוב. וועט איר, יידן פון שטעטל, נישט אויסלייזן דעם יידן, וועלן די פינף נפשות אויפגעהאָנגען ווערן!

ס'איז געוואָרן אַ טומל און אַ בהלה אין שטעטל. פינף יידישע נפשות! מען האָט פאַררופן אַן אסיפה פון די שענסטע באַלעבאַטים פון שטאָט. דריי שעה האָט געדויערט די אסיפה, אָבער מען האָט נישט געקענט איינ־שאַפן זיך דאָס געלט. די קהלשע קאַסע איז געווען ליידיק. פאַר די לעצטע פיר חדשים האָבן פיר אַנדערע פּריצים געדראָעט מיט הענגען יידן אויב זיי וועלן נישט באַצאָלן זייער פּאַכט. יעדער ייד אין שטעטל האָט גע־געבן איבער זיינע כוחות. אפילו אַ ברונעם שעפּט זיך אויס.

מען האָט זיך לאַנג מתוכח געווען. עס זענען געווען יידן, וואָס האָבן געזאָגט, אַז מען דאַרף דאָס לעצטע העמד פאַרקויפן פאַר פדיון שבוים. אָבער די מערהייט האָט געטענהט, אַז עס מוז אַ מאָל זיין אַ גרענעץ. מען דאַרף טאַקע איצט מאַכן אַ סוף צום ווילקיר פון די פּריצים, זיי זאָלן מער נישט צאַפּן קיין געלט פון יידן, אַז די פּריצים וועלן אויסגעפינען אַז די יידן פון די שטעטלעך לייזן נישט אויס די פּאַכטערס, וועלן זיי דורכקומען מיט זייערע אַרענדאַרן.

די מערהייט האָט געוווּנען און טאַקע באותו יום, אין דעם זעלבן טאָג האָט מען אָנגענומען אַ תקנה: היות ווי די פּריצים ווילן נישט דורכקומען מיט זייערע פּאַכטערס און ברענגען די, וואָס זענען זיי שולדיק געלט אויסצולייזן זיי, זאָל מען לאָזן וויסן די פּריצים, אַז מהיום והלאה וועט

דאָס שטעטל נישט אויסלייזן קיין שום פּאַכטער וואָס בלייבט פּאַרשולדיקט. די תקנה איז אָנגענומען אויף דריי יאָר.

ווען שמחה דער שענקער האָט דערהערט פון דער תקנה, האָט ער זיך אָנגעהויבן רייסן די האָר פון קאָפּ פון גרויס יאוש. דאָס ווייב זיינס האָט געיאָמערט און איינגעטענהט: מילא איך און מיין מאַן זענען שולדיק, מיר נעמען אָן אונדזער ביטערן גורל. אָבער וואָס האָבן געזינדיקט אונדזערע אומשולדיקע קינדער? און דאָס עופהלע, וואָס איז אוודאי ריין פון אַ חטא, פּאַרוואָס זאָל עס גיין אַזוי יונג פון דער וועלט?

דער עקאָנאָם האָט אַ זיפץ געטון:

— יאָ, די ייִדן זענען גערעכט, אָבער דערווייל וועלן פינף נפשות אומקומען.

ער האָט לכתחילה, ווען ער האָט דערהערט פון דער תקנה, געוואָלט צוריקפירן תיכף די משפחה אין דאָרף אַריין. אָבער ער האָט זיך באַרעכנט אַז ניין. ס'איז ערשט האַלבער טאָג. ער וועט האַלטן די ייִדן ביז פּאַר־נאַכט. עס גלויבט זיך אים נישט, אַז עס וועט זיך נישט געפינען קיין איין ייִד, וואָס וועט נישט האָבן רחמנות אויף דער משפחה. ער קען גוט די ייִדן. זיי וועלן נישט אויסהאַלטן קיין גאַנצן טאָג דאָס יאָמערן און דאָס קלאָגן פון די געשמידטע ייִדן.

איז ער געשטאַנען אינמיטן מאַרק מיט דער משפחה. דער פּייקלער האָט געפּייקלט. דער עולם איז נישט אָפּגעטראָטן. אַלע שעה האָט דער עקאָנאָם געלייענט זיין אויסרוף.

אַ שעה פּאַרנאַכט איז פּאַרבייגעגאַנגען דעם מאַרק אַ פּראָסטער בחור, אַ משרת מיטן נאָמען מאיר. ער האָט זיך אָפּגעשטעלט נעבן דעם מאַן מיטן פּויק און האָט זיך צוגעהערט צום אויסרוף וואָס דער עקאָנאָם האָט פּאַרגעלייענט. דאָס איז דאָס לעצטע מאָל, וואָס איך לייען עס, האָט דער עקאָנאָם געזאָגט. דער בחור האָט עס אויסגעהערט, דערנאָך האָט ער אַ קוק געטון אויף דער געשמידטער משפחה. די מאַמע האָט שוין מער נישט געיאָמערט. זי האָט געהאַלטן צוגעטוליעט דאָס האַלב־פּאַר־פרוירענע עופהלע צום האַרצן און שטיל אין זיך געכליפּעט. דעם יונג האָט זיך געשטעלט אַ קנויל אין האַלדז. ער איז צוגעגאַנגען צום עקאָנאָם און געזאָגט:

— איך האָב צען יאָר געאַרבעט און אָפּגעשפּאָרט הונדערט און פופציק רענדלעך, נאָ דיר און באַפריי די משפחה.

דער עקאָנאָם האָט געדרייט מיטן קאָפּ:

— איך קען נישט באַפרייען זיי פאַר הונדערט און פופציק רענדלעך. דאָס איז נאָר האַלב פון דעם חוב, וואָס דער ייד איז שולדיק. דער פּריץ האָט מיר אָנגעזאָגט מיטן האַרבן וואָרט — נישט ווייניקער ווי דריי הונדערט רענדלעך.

דער משרת האָט מיט אים איינגעטענהט — וואָס וועט דער פּריץ האָבן אַז ער וועט זיי הרגענען? נעם צו הונדערט און פופציק רענדלעך. מער האָב איך נישט.

דער עקאָנאָם האָט געענטפערט מיט אַ זיפץ:

— ביסט גערעכט. ביי מיר האָסטו געפועלט. אָבער דער פּריץ האָט מיר אָנגעזאָגט נישט נעמען ווייניקער פון דריי הונדערט רענדלעך. איך וויל נישט פאַרלייגן מיין אייגענעם קאָפּ פאַר דעם יידן.

ווען מאיר דער משרת האָט דערזען אַז דער עקאָנאָם איז פאַרעקשנט, דאָ ווערט שוין פאַרנאַכט און ער קלייבט זיך שוין אין וועג מיט דער משפחה צום רשע דעם פּריץ, האָט דער בחור געזאָגט:

— האַרעלע, וואַרט צו דאָ אויף מיר. איך וועל צוריקקומען. אָבער וואַרט אויף מיר. איך וועל ברענגען דעם גאַנצן סכום. אויב אפילו נישט, וועל איך אויך צוריקקומען.

— איך וועל וואַרטן אויף דיר, האָט צוגעזאָגט דער עקאָנאָם.

פייל פון בויגן איז דער בחור אַוועקגעלאָפן צו זיין כלה, שרה, וואָס האָט געדינט ביים רייכן יידן.

שרהקע איז געווען אַ קיילעכדיקע יתומה. זי האָט אָנגעהויבן צו דינען ווען זי איז נאָך נישט אַלט געווען קיין פולע דרייצן יאָר. איצט איז זי אַלט געווען כמעט גאַנצע צוואַנציק יאָר. פאַר די זיבן יאָר האָט זי געשפּאָרט אַ גראָשן צו אַ גראָשן און אָפּגעשפּאָרט אויך, פונקט ווי איר חתן, הונדערט מיט פופציק רענדלעך. שבת נחמו האָט דאָס פּאָרל געזאָלט חתונה האָבן, פאַר דעם געלט, וואָס וועט זיי בלייבן נאָך חתונה הוצאות, וועלן זיי עפּע־נען אַ געוועלבל און מאיר וועט ווערן אַ סוחר פאַר זיך.

שרהקע איז געשטאַנען אין קיך און זיך געפּאָרעט ביים אויוון, און

מאיר איז אַריינגעלאָפן אַ פאַרסאָפּעטער, אָן אַן אָטעם. זי האָט אַ קוק געטון אויף אים און זיך דערשראָקן. זי האָט אים קיינמאָל נישט געזעז אַזאַ צעטראָגענעם. מאיר האָט איר אפילו נישט געזאָגט קיין גאָט־העלף און באַלד איר דערציילט וואָס ער האָט געזען אין מאַרק. ער האָט פאַר־ענדיקט: מיט דיינע הונדערט און פופציק רענדלעך וועט זיין פונקט דריי הונדערט רענדלעך, וואָס דער עקאָנאָם וויל אויסצולייזן די יידן.

שרהקע האָט אים אָנגעקוקט מיט שרעק:

וואָס רעדסטו מאיר? ביסט חסר דעה? פולע זיבן יאָר האָב איך געדינט אָפּצושפּאָרן אויף נדן און אויסשטייער און הוצאות חתונה, וואָס די כלה דאַרףליידן. מיט אַמאָל, אַלץ אויס! מיר האָבן דאָך געזאָלט חתונה האָבן שבת נחמו, וואָס וועלן מיר איצט טון אָן אַ פרוטה? וואַרטן נאָך זיבן יאָר?

— ווער דאַרף האָבן נדן? ווער דאַרף האָבן אַ כלה מיט אויסשטייער, האָט מאיר געענטפערט אַ צעקאָכטער. וואָסי, איך בין אהרן־משה יאָשע דעם קרעמערס, וואָס זוכט אַ כלה מיט געלט? דו ווייסט וואָס אַ מצווה עס איז פדיון שבוים? שטעל זיך פאָר אַז דאָס שטעטל לייזט זיי אויס, ווען וואָלטן מיר געקענט מקיים זיין אַזאַ מצווה?

שרהקע האָט געענטפערט:

— איך ווייס, מאיר, אַז דו זוכסט נישט קיין נדן, און פדיון שבוים איז אַ גרויסע מצווה. אָבער מענטשן מעגן אויך טראַכטן וועגן זיך. וואָס וועלן מיר טון אָן אַ פרוטה?

— וואָס וועלן מיר טון? חתונה האָבן. נישקשה, איך בין נישט קראַנק און נישט פויל, איך וועל קענען מפרנס זיין אַ ווייב.

— עס טויג נישט מאיר, האָט שרהקע געענטפערט. עס טויג נישט. אפילו גאָט וועט נישט פאַרלאַנגען פון אונדז אַזאַ קרבן.

— ווייסטו וואָס, שרהקע, האָט מאיר געענטפערט, איך וועל נישט שטעלן אויף זיך אַליין. קום מיט מיר אין מאַרק אַריין און טו אַ קוק אויף דער געשמידטער משפחה. וועסטו זיך איינהאַלטן נאָכדעם ווי די וועסט זען די מאַמע מיט דעם עופהלע, וועל איך דיך נישט בויטן.

— גוט, איך וועל דיר צוליב טון, האָט שרהקע געענטפערט. אָבער

זאָלסט וויסן אַז איך וועל זיך איינהאַלטן, איך בין נישט אַזאַ גוטע ווי דו, מאיר.

אפנים אַז מאיר האָט גוט געקענט זיין שרהקען. זי איז געשטאַנען בלויז געציילטע מינוטן מיט אים אין מאַרק. זי האָט אים אַריינגעשעפּטשעט אין אויער: וואַרט דאָ, מאיר. לאָז נישט דעם גוי נעמען זיי צוריק אין דאָרף צום פּריץ. איך וויל און ברענג דיר דאָס געלט.

⁂

אין אָונט איז דאָס פּאָרל געזעסן אין אַ ווינקל פון קיך. שרהקע האָט געוויינט. מאיר האָט געפרעגט אַ ברוגזער:

— וואָס וויינסטו? האָסט חרטה אויף דער מצווה?

— חרטה האָב איך נישט, האָט שרהקע געזאָגט. אָבער דאָס האַרץ זאָגט מיר, אַז דו וועסט חרטה האָבן און וועסט נישט חתונה האָבן מיט מיר. אויף צו וואָס דאַרפסטו אַ הוילע נאַקעטע מויד אָן אַ פּרוטה? נישקשה, איך ווייס, אַז חייקע שאַרפט אויף דיר די ציינער שוין לאַנג.

— ביסט אַ נאַרישע מויד, האָט מאיר זיך צעלאַכט. חרטה דאַרף איך האָבן, ווייל דו ביסט אַ נאַר. אָבער וואָס זאָל איך טון אַז מיין האַרץ ציט צו דיר?

— דאָס רעדסטו נאָר איצט אַזוי. מאָרגן, ווען ס'וועט זיך אויפ־הייבן אַ טומל אין שטעטל וועסטו חרטה האָבן, האָט שרהקע געזאָגט.

— וואָס פאַר אַ טומל? — האָט מאיר געפרעגט.

— וואָסי, האָסט נישט געהערט? זיי האָבן דאָך אָנגענומען אַ תקנה, אַז מען טאָר קיינעם נישט אויסלייזן גאַנצע דריי יאָר, כדי די פּריצים זאָלן אויסקומען מיט זייערע פּאַכטערס. וועסט נאָך זען, זיי וועלן נאָך אונדז אַרויסטרייבן פון שטעטל. אונדז אַוועקזעצן אויף אַן אָקסן שפּאַן, אין אַ וואָגן מיט מיסט און אַרויסבאַגלייטן מיט הוק און שטוק.

— ס'איז פון דיר נישט אויסצוהאַלטן, נאַרישע מויד, האָט מאיר איר געגלעט די האָר. יידן באַשטראָפן נישט פאַר טון אַ מצווה. וואָסי, דער רב וואָלט נישט געוואָלט מקיים זיין די מצווה פון פדיון שבוים? אָבער ער האָט נישט געהאַט די מזומנים.

מאיר האָט זיך צעלאַכט: איך האָב שוין לאַנג געוווסט, אַז מיר זענען געווען די צוויי רייכסטע יידן אין שטעטל.

— נישקשה, נישקשה, האָט שרהקע געשטעלט ליפּעלעך, ווען יאָשע דער קרעמער, אָדער אברהם דער ווייץ־סוחר וואָלטן נאָר געהאַט דעם רצון וואָלטן זיי זיך גיכער אַן עצה געגעבן ווי מיר. זיי וואָלטן נישט געדאַרפט אַוועקגעבן די לעצטע פּרוטה.

— הער שרהקע, האָט מאיר געענטפערט באַהאַרצט. אויב זיי האָבן נישט געוואָלט, האָבן זיי נישט געהאַט. ס'איז איינס און דאָס זעלבע. ווייסט אָבער, איך האָב אַ פּלאַן. וואַרטן מיט דער חתונה איז נישטאָ אויף וואָס. ביז שבת נחמו וועלן מיר אָפּשפּאָרן ח״י גדולים. לאָמיר צונויפרופן די משרתים און די דינסט מיידלעך נאָך היינט ביינאַכט און שטעלן אַ שטילע חופּה. עפּעס דרשה־געשאַנק וועלן זיי דאָך אונדז געבן. וועלן מיר זיך פאַרטאָג לאָזן אין וועג אַריין קיין לובלין, צו מיין פעטער.

— וואָס עפּעס אינמיטן דערינען צום פעטער? האָט שרהקע געפרעגט.

— איך האָב שוין לאַנג געוואָלט דערציילן, האָט מאיר געזאָגט, ער וויל איך זאָל קומען צו אים און זיין ביי אים אין קראָם. דעם מסחר פון שניט־סחורה קען איך גוט. וועט אים זיין גוט און מיר אויך. אַזוי האָב איך געוואָלט גיין פאַר זיך. אָבער איצט איז גלייכער אַזוי.

אַ שטילע חתונה? האָט שרהקע זיך געקווענקלט. חייקע וועט דאָך זאָגן אַז דו האָסט געמוזט חתונה האָבן מיט מיר.

— וועט זי זאָגן, האָט מאיר געענטפערט אומגעדולדיק. מען וועט אַזוי פיל רעדן, וועלן זיי נאָך רעדן. פאַרנאַכט פאַרלאָזן מיר דאָס שטעטל אַלע איינס. וועלן זיי רעדן.



יענע נאַכט האָט דאָס פּאָרל געשטעלט אַ שטילע חתונה. פאַרטאָג האָבן זיי צוזאַמענגענומען זייער אָרעמקייט און צונויפגעלייגט עס אין אַ זאַק. קיין גרויסער זאַק איז עס נישט געווען. מאיר האָט פאַרוואָרפן דעם זאַק אויף די פּלייצעס, אים פאַרבונדן מיט צוויי שטריק, וואָס זענען גע־

## שלמה סיימאָן

לאָפּן אונטער די פּאַכוועס און ער מיט שרהקען האָבן זיך געלאָזט אין וועג אַריין.

⁂

אַ יונג ווי מאיר, מיט אַזאַ גוט האַרץ און טבע, ווערט נישט פאַר־פאַלן. ער איז טאַקע געוואָרן אַן עושר־אדיר, דער טאַטע פון אַ גרויסער משפּחה. שרהקע האָט אים געבוירן פינף זין און זעקס טעכטער. אַלע געלערנטע און געראָטענע.

ווען מאיר איז געווען שוין אויף די עלטערע יאָרן, איז אַרויס אַ באַפעל פון קייסער, אַז יעדער ייד מוז זיך נעמען אַ פאַמיליע־נאָמען. מאיר האָט לאַנג נישט געטראַכט. ער האָט גוט געדענקט ווי נאָך דעם פּדיון שבוים האָט ער זיך געלאָזן אין וועג אַריין מיט אַ פּאָר פּרוטות דרשה־געשאַנק און אַ זאַק אויף די פּלייצעס. איי איז דאָס געווען אַ גרינג זעקל. ער האָט אָנגענומען דעם פאַמיליע־נאָמען זאַק.

מאיר איז דאָס דער טאַטע פון אַלע יידישע משפּחות זאַק, וואָס גע־פינען זיך אויף דער וועלט.

# דער שכור

דאָס איז געשען אין מדינת פּוילן. עס האָט געלעבט אַ ייד אַ סוחר מיטן נאָמען ברוך שאַפּיראָ. ער איז געווען אַ גרויסער סוחר אָבער גאָר אַ קנאַפּער למדן. אפילו וואָס ער האָט געלערנט אין דער יוגנט האָט ער פאַרגעסן; ער איז געווען צופיל פאַרנומען מיט מסחר. צו שטאַרק פרום איז ער נישט געווען. ער האָט אפילו נישט מקפּיד געווען אויף פּת עכו״ם. אויך האָט מען געזאָגט אַז ער גייט אין זייערע טעאַטערס און אַפּערעס און בכלל פירט ער זיך, ווען ער איז געווען אין דער פרעמד, נישט ווי קיין פרומער ייד.

אָנגעטון איז ער אַלעמאָל געווען רייך. ער האָט אפילו געטראָגן אַ גרויס דימענט־רינגל אויף דעם צייג־פינגער, ווי די פּריצים פירן זיך. ער איז געווען זייער אַ געשטאַלטנער און אַ שיינער. נישט איין יידישע פרוי אין שטעטל האָט געטראַכט, ווען זי האָט געלייענט אין טייטש־חומש וועגן דער שיינקייט פון יוסף הצדיק, אַז ער האָט מסתמא אויסגעזען ווי ברוך שאַפּיראָ.

ער איז געווען אַ שאַרפער סוחר און געפירט גרויסע מסחרים. ער האָט ליב געהאַט צו נעמען זיך צו אַזעלכע געשעפטן, וואָס אַנדערע סוח־רים האָבן מורא געהאַט זיך צורירן צו זיי.

הערט איינמאָל ברוך שאַפּיראָ אַז לעבן שעדלעץ איז דאָ אַ פּריצטע אַן אלמנה, וואָס האָט צו פאַרקויפן אַ סך פלאַקס און לייוונט. זי איז אַ גרויסע שונאת ישראל, האָט אַרויסגעטריבן אירע יידישע קרעטשמערס און לאָזט בכלל נישט אַרויף קיין יידן אויף די אויגן. האַנדלען האַנדלט זי

מיט אַ סוחר פון לייפּציג, גיט אַוועק איר סחורה האַלב אומזיסט. אָבער מיט קיין יידן וויל זי נישט האַנדלען.

ווען ברוך שאַפּיראָ האָט עס דערהערט האָט זיך ביי אים צעפלאַ־קערט דער יצר הרע פון מסחר. אויך איז עס אים געגאַנגען אין נצחון. האָט ער געזאָגט צו זיך: איך מוז איינברעכן די פּאַרריסענע פּריצטע. אפילו עס זאָל מיר נעמען אַ גאַנץ יאָר זי איבערצוקליגן.

אָבער עס איז אים אָנגעקומען גרינגער ווי ער האָט גערעכנט, ווייל ער איז געווען אַ קלוגער סוחר און געוווסט ווי צו אויסקומען מיט מענטשן. ער האָט געדונגען אַ שיינע בריטשקע מיט דריי פערד נאַשפּיץ און איז אַוועקגעפאָרן צו דער פּריצטע. ער איז אַריין אין דעם קאַנטאָר פון דער פּריצטעס עקאָנאָם. ווען דער עקאָנאָם האָט אים אָנגעקוקט איז ער גע־בליבן זיצן מיט אָן אָפענעם מויל — אַזאַ שיינעם מאַנספּאַרשוין, אָנגעטון אַזוי עלעגאַנט, האָט ער נאָך נישט געזען. ברוך האָט אָנגעהויבן רעדן גלייך וועגן מסחר וואָס ער איז געקומען.

דער עקאָנאָם, וואָס איז דווקא נישט געווען קיין שונא ישראל האָט צו אים געזאָגט:

— איר האָט דאָך אָבער מסתמא געהערט, אַז מיין גראַפיניע פירט נישט קיין געשעפטן מיט יידן.

ברוך האָט אים געענטפערט אין אַ שיינעם, פיינעם עלעגאַנטן פויליש:

— אמת טאַקע, איך האָב עס געהערט. אָבער איך האָב ביי זיך גע־טראַכט, אַז איר, דער עקאָנאָם, האָט געברענטע צרות מיט דעם פירן עסקים מיט דייטשלאַנד. איר דאַרפט פּאַקן די סחורה, זי אָפּפירן צום באַן, אָדער צום וואַסער און דערצו דאַרפט איר פירן חשבונות. אפשר קען איך ביי אייך צונעמען דעם גאַנצן קאָפּווייטיק? איך וועל באַצאָלן פאַר דער סחורה מזומן אָט דאָ אויפן אָרט, איך וועל די סחורה אַליין פּאַקן און איך וועל זי אַליין אָפּפירן פון הויף.

דער עקאָנאָם האָט געוווסט אַז די פּריצטע נויטיקט זיך איצטער אין מזומן און דער מסחר מיט דייטשלאַנד איז אַ פאַרשלעפּטע קרענק, האָט ער איינגעשטעלט און איז אַוועק אַ־ן די „פּאָקאָיעס" און דערציילט דער פּריצטע ברוכס אָנבאָט. ער האָט צוגעגעבן, אַז דער יידישער סוחר איז אַ מערקווירדיקער שיינער מאַן, אָנגעטון עלעגאַנט און רעדט פויליש

ווי אַ געבוירענער שליאַכטשיץ. דער עיקר טאַקע — ער האָט געבראַכט מזומן און איז גרייט אָפּצוציילן דאָס געלט אויפן טיש.

די פּריצטע האָט געענטפערט קורץ:

— גוט, פאַרקויף אים די סחורה. אָבער זיין פּנים וויל איך נישט אָנקוקן. איך וויל נישט האָבן פאַר די אויגן אַ זון פון דעם פאַרשאָלטן פאָלק, וואָס האָט געקרייציקט אונדזער האַר יעזוס.

דער עקאָנאָם איז אַרויס אַ צופרידענער. דער ייד האָט אים אַראָפּ־גענומען אַן עול פון קאָפּ.

גלייך אויף מאָרגן האָט ברוך געבראַכט פּויערים און אָנגעהויבן פּאַקן די סחורה און זי אָנלאָדן אויף די וועגענער. די פּריצטע איז געזעסן אין די „פּאָקאָיעס" און געהערט די שאַרפע אויפרופן און באַפעלן פון דעם יידן צו די פּויערים און ס'איז איר געפעלן געוואָרן דער באַפעלערישער קול און אויך דער ריינער פּויליש פון ברוכן. ווען זי וואָלט נישט גע־ווּסט פון עקאָנאָם, אַז דער סוחר איז אַ ייד, וואָלט זי געמיינט, אַז איינער פון אירע באַקאַנטע קניאַזן אָדער פירשטן גיט די באַפעלן. זי האָט זיך דערמאָנט, אַז דער עקאָנאָם האָט איר דערציילט, אַז דער סוחר איז אַ מערקווירדיקער שיינער, האָט זי פון נייגעריקייט אַ קוק געטון דורכן פענצטער אויף ברוכן. זי האָט אים דערזען און איז באַלד פאַרקאָכט גע־וואָרן אין אים. זי האָט זיך נישט געקענט אָפּרייסן פון פענצטער. געשלונ־גען יעדן קער און יעדן ריר זיינעם. ערשט ווען ברוך איז אָפּגעפאָרן האָט זי זיך געכאַפּט, אַז איר גאַנצער קערפּער ברענט פון גלוסטעניש. זי איז געפאַלן אויף די קני פאַר דעם בילד פון דער הייליקער מוטער, זיך געצלמט, געמאָדליעט זיך און געבעטן פאַרגעבונג פאַר דער גרויסער זינד אירער — וואָס זי גלוסט צו אַ יידן, וואָס האָט געקרייציקט דעם האַר יעזוס.

טעג זענען אַריבער, וואָכן, חדשים און די געשטאַלט און דאָס קול פון דעם יידן האָבן זי פאַרפאָלגט. זי האָט געפילט אַז דאָס חיות גייט איר אויס — זי מוז זען דעם יידן נאָך אַמאָל. האָט זי גערופן דעם עקאָ־נאָם און געזאָגט צו אים:

— וואָס הערט זיך מיט דעם ווייץ, וואָס מיר האָבן אַראָפּגענומען

פון די פעלדער? און וואָס וועסטו טון מיט דעם קאָרן און די קאַרטאָפּל, וואָס ליגן ביי אונדז אין די שפּייכלערס?

דער עקאָנאָם, וואָס האָט גאָרנישט נישט חושד געווען, האָט געענטפערט:

— איך האָב געשריבן קיין לייפּציג צום קויפמאַן שולץ. ער האָט מיר געגעבן אַ פּרייז, וואָס עס לוינט זיך אפילו נישט צו פּאַקן די סחורה, האָב איך אים געענטפערט אַז דער פּרייז איז לעכערלעך נידעריק, און איך וואַרט אויף זיין תשובה.

האָט די פּריצטע געענטפערט:

— לערן אָן שולצן, אַז ער זאָל נישט זיין אַזוי פאַרריסן ביי זיך. ווייז אים אַז ער איז נישט דער איינציקער סוחר. שרייב צום יידן ער זאָל קומען. ער האָט ערלעך געהאַנדלט, — און זי האָט צוגעגעבן אַ ליגן — איך האָב אים אפילו נישט אָנגעקוקט, אָבער ס׳איז מיר זייער שטאַרק געפעלן געוואָרן ווי גיך ער האָט איינגעפּאַקט די סחורה און ווי שנעל ער האָט זי אָפּגעפירט. ער האָט אונדז פאַרשפּאָרט אַ סך צרות.

דער עקאָנאָם, וואָס האָט געוווסט פון דער גרויסער שנאה, וואָס די פּריצטע האָט צו יידן, האָט זיך געוווּנדערט, וואָס זי וויל ווייטער פירן מסחר מיט דעם יידישן סוחר. אָבער ער איז געווען צופרידן אין האַרצן. עס פאַרשפּאָרט אים גאָר אַ סך קאָפּ־דרייעניש.

ברוך איז געקומען און איז אַריין צום עקאָנאָם זיך דורכרעדן וועגן נייעם מסחר. שייך, אַ כשרער לעפל אין אַ כשרן טעפּל — דער מקח איז נידעריק, די סחורה איז מן המובחר. ברוך האָט זיך נישט געדונגען, באַצאָלט מזומן און איז אַוועק אין דאָרף קריגן פויערים איינצופּאַקן און אָפּצופירן די סחורה.

דער עקאָנאָם איז אַריין צו דער פּריצטע און איר דערציילט:

— דער ייד איז דאָ געווען, האָט באַצאָלט דעם פּרייז וואָס איך האָב געבעטן, אָן דינגעניש, נישט ווי דער קויפמאַן שולץ וואָס האָט געוואָלט כאַפּן אַ מציאה. דער ייד איז אַוועק אין דאָרף דינגען פויערים. איך האָב מיט אים אָפּגערעדט אַז עס זאָל אים נישט נעמען לאַנג צו פּאַקן און אָפּפירן די סחורה, איך ווייס דאָך ווי דערווידער עס איז דיר אַז אַ ייד זאָל זיך געפינען אין הויף.

די גרעפין האָט געזאָגט פאַרשטעלט:

— דו האָסט מיר אַזוי פיל דערציילט וועגן דעם טשיקאַוון יידן אַז איך בין נייגעריק געוואָרן אים אָנצוקוקן. ווען ער וועט קומען, ברענג אים צו מיר אין די „פּאַקאָיעס״.

ברוך שאַפּיראָ איז אַריין אין די „פּאַקאָיעס״, אויסגעטון דאָס היטל, אַראָפּגענומען די הענטשקעס און זיי דערלאַנגט צום לאַקיי. ער איז אַריין אין עסצימער. די פריצטע איז געשטאַנען גלייך ביים טיר אים צו באַ־געגענען. זי האָט אים איצט גוט באַקוקט. זיינע ווייכע זיידענע האָר זע־נען געווען עלעגאַנט פאַרקעמט. זיינע בורשטינענע אויגן האָבן געקוקט פאַרחלומט אויף איר. אירע אויגן האָבן זיך צוגעבליקט צו זיינע אויערן־לעפּלעך, וואָס זענען געווען ראָז ווי די וואָרצלען פון רויזן פּאַטעלן. ווען ער האָט זיך פאַרנייגט פאַר איר און איר אַ קוש געטון אין האַנט, האָט זי זיך אָנגעהאַלטן מיט איר צווייטער האַנט אָן אַ מאַסיווער שטול, כדי נישט אומצופאַלן פון אויפרעגונג.

ברוך איז צוגעגאַנגען צום שיין געדעקטן טיש, באַקוקט די מאכלים און שפּאַסיק אַ זאָג געטון:

— די גרעפין וואַרבאָלסקאַיאַ האָט אַ פיינעם אויסוואַל פון מילכיקע מאכלים און שנאַפּסן און ליקערן. אָבער ווו זענען די ווייַנען?

די פריצטע האָט אים געוואָלט זאָגן אַז זי ווייסט אַז אַ ייד טרינקט נישט קיין ווייַן פון אַ גוייִשן טיש. אָבער זי האָט עס נישט געזאָגט. זי איז געווען צופרידן וואָס ברוך שאַפּיראָ היט נישט אָפּ קיין יידישע מנהגים.

זי האָט האַסטיק אַ ציִ געטון די זיידענע שנור. אַ גלעקל האָט זיך ער־געץ צעקלונגען. אַ לאַקיי איז אַריין. די פריצטע האָט באַפוילן:

— גיי אַראָפּ אין ווייַן־קעלער און ברענג אַרויף ווייַן פון צפון־ווינקל, דאָרט ווו עס שטייען די אימפּאָרטירטע ווייַנען פון פראַנקרייך.

⁂

דאָס איז געווען דער אָנהויב. ברוך איז געוואָרן אַן אָפטער אַריינ־גייער צו דער פריצטע. זיי זענען געוואָרן צוגעבונדן איינער צום אַנ־

דערן — אהבת נפש. פאַרשטייט זיך אַז ער האָט געגעסן און געטרונקען פון דעם גויישן טיש.

אַזוי איז אָנגעגאַנגען אַ גאַנץ יאָר. זיי האָבן זיך פאַרליבט איינער אין דעם אַנדערן און די פריצטע האָט אָנגעהויבן רעדן וועגן חתונה האָבן. פאַרשטייט זיך ברוך דאַרף זיך שמדן.

זי האָט קיין סך נישט געדאַרפט איינטענהן מיט אים. קיין פרומער איז ער קיינמאָל נישט געווען. דער פריצטעס שיינקייט האָט אים פאַר־כאַפּט. מיט דער אייגענער ווייב האָט ער נישט געהאַט קיין צו גוט לעבן. זינט ער האָט זיך באַקענט מיט דער פריצטע האָט ער זיין ווייב פיינט געקראָגן. ער האָט מסכים געווען צו שמדן זיך און חתונה האָבן מיט דער גרעפין. ער האָט אָבער איר געשטעלט איין תנאי. איידער זיי האָבן חתונה וויל ער אַז זי זאָל מאַכן אַ באַל, איינלאַדן אַלע אירע פריינט און מקורבים, די גאַנצע שליאַכטע און אים פאַרשטעלן פאַר זיי. ער האָט געזאָגט צו איר:

— איך וויל נישט מיר זאָלן פריער בשתיקה חתונה האָבן און דער־נאָך זאָלסטו מיך פאַרשטעלן פאַר זיי. מען וועט אָנהויבן דיך טאַדלען — האָסט חתונה געהאַט מיט אַ יידן, און וועסט נאָך וועלן חרטה האָבן. זע פריער ווי מען וועט מיך אויפנעמען. אויב מען וועט מיך אויפנעמען שלעכט און דו וועסט נאָך אַלץ וועלן חתונה האָבן מיט מיר, וועסטו אַמווייניקסטן וויסן פריער פון די צרות וואָס דו וועסט האָבן, און נישט חתונה האָבן מיט פאַרמאַכטע אויגן.

אין אָנהויב האָט זיך די פריצטע אָנגעברוגזט: זי פילט זיך באַליי־דיקט, ער געטרויט נישט איר גרויסע ליבע. אָבער ברוך האָט זי איבער־גערעדט. זי האָט אַרויסגעשיקט איינלאַדונגען צו אַלע אירע פריינט און מקורבים צו איר תנאים־שמחה.

עס זענען געקומען צום באַל אַלע אַרומיקע שליאַכטשיצעס און אויך פון די ווייטסטע מקומות. יעדער פריץ האָט געוואָלט זען דער גרעפינס נייעם חתן, וואָס ווי מען גיט איבער איז אַ געוועזענער ייד.

ברוך שאַפּיראָ איז אַלעמען געפעלן געוואָרן. די פריצטע איז גע־ווען אין זיבעטן הימל.

פאַרטאָג זענען זיך אַלע צעפאָרן. ברוך און די גרעפין זענען גע־

בליבן אַליין. זי האָט אָנגעשפּאַרט איר קאָפּ אויף זיין אַקסל און געשעפּ־טשעט פאַרליבט:

— מיין געליבטער, מיין אויסדערוויילטער, ווי גוט עס איז מיר מיט דיר. מאָרגן וועט קומען אַהער דער בישאָף דיך צוגרייטן צום שמד, אין געציילטע וואָכן וועלן מיר חתונה האָבן. אָבער — האָט זי אים אַריינגע־פּליסטערט אין אויער: איך האָב שוין מער קיין כוח נישט צו וואַרטן. גאָט וועט מיר פאַרגעבן. איך וועל וואַרטן אויף דיר.

אָפּגעזאָגט איז זי אַרויסגעלאָפן פון צימער.

ער איז געבליבן אַליין. ער האָט אַ פיר געטון מיט אַ האַנט איבער די אויגן: ווי שיין זי איז! באַלד וועט ער זיין לעבן איר. דאָס האַרץ האָט אים גענומען האַסטיק קלאַפּן פון אויפרעגונג. ער איז אַרויס פון פּאַלאַץ אין דרויסן, כאַפּן אַ שפּאַציר, זיך באַרואיקן.

די פאַרטאָגיקע לופט האָט אים אַרומגענומען מיט איר קילקייט. ער האָט געשפּאַצירט צווישן די ביימער און אַלץ געטראַכט פון גרויסן גליק וואָס וואַרט אויף אים.

ער איז פאַרקראָכן אין אַ ווינקל פון הויף ביים עק פון סאָד, ווו עס איז געשטאַנען אַ געמויערט שטיבל באַוואַכט פון אַ באַוואָפנטן פויער. ברוך האָט זיך אָפּגעשטעלט און געפרעגט:

— וואָס היטסטו, פויערל?

— איי, פריץ לעבן, האָט געענטפערט דער פויער, אַ מיאוסע מלאכה טו איך. איך היט דאָ אַ יידישע משפחה. שוין אַ האַלב יאָר אַז איך שטיי דאָ אַ גאַנצע נאַכט און היט. ביי טאָג היט אַן אַנדער וועכטער. די פּריצטע האָט דעם יידישן אַרענדאַר און זיין טראָגעדיקע פרוי און צוויי קינדער אַ יינגל און אַ מיידעלע אַריינגעוואָרפן אין גרוב. פרעגסט מיך פאַרוואָס? וואָס ווייס איך, אַ נאַרישער פויער, פון די געשעפטן צווישן אַ יידן און אַ פּריצטע. אָבער פּריצל לעבן, ס׳איז אַ זינד קעגן גאָט. די יידישקע האָט געבוירן אַ קינד און עס איז געשטאָרבן. לאָזט נישט די פּריצטע אפילו אַרויסנעמען דאָס טויט קערפּערל. דאָס מיידעלע איז קראַנק, די יידישקע קרעכצט אַ גאַנצע נאַכט און דער ייד וויינט און בעט.

ברוכן האָט אַ קלאַפּ געטון אין האַרצן. ער איז צוגעגאַנגען צום פענצטער פון מויערל. דאָס מויערל איז געשטאַנען איבער אַ טיפער

גרוב. עס האָט אים אַ קלאַפּ געטון אַ שלעכטער ריח אין דער נאָז. אַ ריח פון אַ טויטן קערפּער. ער האָט אַרײַנגעשריִען: לעבסט נאָך, ייִד?

— ראַטעווע, פּריצל, האָט זיך דערהערט אַן אונטערערדיש קול. ראַטעווע! ווי אַזוי קען איך באַצאָלן מײַן חוב ווען איך בין פֿאַרשפּאַרט? האָט רחמנות, איר וועט אומברענגען פֿינף נפשות צוליב אַ פּאָר הונדערט גילדן.

ברוך האָט זיך אַ ריס געטון פֿון פֿענצטער. ער איז מיט האַסטיקע טריט געגאַנגען צוריק. אים האָט געקלאַפּט אײן רעיון אין קאָפּ. ווי שײן זי איז! ווי גוט און צאַרט זי איז. ווי אַזוי האָט זי עס געקענט טון?

ער איז אַרײַן האַסטיק אין שלאָפֿצימער. זי איז געלעגן אָנגעטון אין אַ בלויען נאַכט־העמד און געוואַרט אויף אים. ווען ער איז ראַשיק אַרײַן אין צימער האָט זי זיך אויפֿגעזעצט. זי האָט אַ קוק געטון אויף זײַן בלײכן פּנים, וואָס איז אַזש געווען ווײַס — אָן אַ טראָפּן בלוט, און געפֿרעגט מיט שרעק:

— וואָס איז געשען, געליבטער מײַנער?

— איך בין פֿאַרבײַגעגאַנגען דאָס מויערל — האָט ער געענטפֿערט הײזעריקלעך. — דאָס עופּעלע איז געשטאָרבן, די קרעטשמערקע איז קראַנק, דאָס מײדעלע — — —

זי האָט אים איבערגעשלאָגן די רייד:

— ווײַטער אַ דאגה, לאָז זײ אַרויס. גיב זײ געלט. דו וועסט באַלד זײַן באַלעבאָס, וועסטו טון ווי דו ווילסט. קום געליבטער, צעשטער נישט מײַן גליק מיט אַ נאַרישקייט.

ער איז געבליבן שטײן און זיך נישט גערירט פֿון אָרט. ער האָט געקוקט אויף איר האַלב נאַקעטן קלאָרן לײַב, אויף אירע געטאָקטע פּיס, אויף די אויסגערונדעטע הענט און אויף די האָר, וואָס האָבן געהאַט דעם אָפּגלאַנץ פֿון געשײַערטן קופּער, און האָט געפֿילט אַז דאָס איז נישט מער ווי אַ הײטל וואָס פֿאַרשטעלט רשעות און עיפּוש.

זי האָט דערפֿילט זײַנע מאָדנע בליקן און אויסגערופֿן:

— קוק נישט אַזוי אויף מיר!

ער האָט אַלץ זיך נישט גערירט פון אָרט. דערנאָך איז ער פאַמע־לעך צו איר צוגעגאַנגען, האָט אָנגערירט מיט אַ פינגער די ווייסקייט פון אַן אַקסל און אַרויסגעפּליסטערט:

— אַזאַ געטלעכע שיינקייט און אָנגעפילט מיט רשעות און עיפּוש!

ער איז אַרויסגעלאָפן פון צימער, אַריין אין שטאַל, געשפּאַנט פערד און וואָגן און איז אַנטלאָפן.

*****

די מעשה האָט אַ שלעכטן סוף. ברוך איז שוין קיינמאָל נישט גע־קומען צו זיך. די ערשטע פאָר טעג איז ער געזעסן ווי פאַרשטיינערט אין דער אכסניה. ער האָט נישט געוווסט וואָס צו טון מיט זיך — דאָ האָט ער געגלוסט צו דער גרעפין, אָבער ווי נאָר איר געשטאַלט האָט זיך געוויזן פאַר זיינע אויגן האָט ער דערשפּירט אַ שלעכטן גערוך — דאָס גערוך פון טויטן קינד אין געפענגעניש־גרוב. ער האָט געוואָלט פאָרן אַהיים — איז אים געקומען אויפן זינען די מוזיק און פריילעכקייט פון לעצטן באַל. אָבער אין דער מוזיק האָט ער באַלד געהערט דעם יידנס קול — איר וועט אומברענגען פינף נפשות צוליב אַ פאָר הונדערט גילדן. דאָס האַרץ האָט זיך אים צעריסן פון רחמנות.

ברוך האָט אָנגעהויבן שכורן. אָבער טאַקע שכורן — אָנגעטרונקען זיך, איינגעשלאָפן, אויפגעשטאַנען און באַלד ווידער זיך גענומען צום פלעשל.

זיין פרוי איז געקומען און צוגענומען אים אַהיים. אָבער זי האָט זיך געשעמט בלייבן אין דער שטאָט וווּ מען האָט זיי גוט געקענט, האָט זי אַלץ פאַרקויפט און זיך אַרויסגעקליבן אין אַ ווייט פאַרוואָרפן שטעטל, וווּ קיינער האָט זייער נאָמען נישט געהערט. זי האָט געקויפט אַ קליין שטיבל ביים עק שטעטל און דאָרט אַכטונג געגעבן אויף איר מאַן דעם שכור. זי האָט נישט געוווסט פאַרוואָס איר שיינער, געראָטענער ברוך האָט אָנגעהויבן צו שכורן. אָפט האָט זי פון אים געהערט אָפּגעהאַקטע

ש ל מ ה  ס י י מ אָ ן

רייד: „רשעות און עיפּוש — ס׳איז נישט גאָטס שיינקייט״. „עלעגאַנט אָבער הערצער פון רשעים, טפו״. זי האָט געקוועטשט מיט די פּלייצעס: אַ דיבוק איז אין אים אַריין.

לאַנג האָט ברוך נישט געלעבט. ער איז פאַרברענט געוואָרן פון חרטה און בראָנפן.

# יידן רחמנים בני רחמנים

ר׳ בנימין איז געווען אַ ייד מיט אַ קאָפּ אויף די פּלייצעס. פון נאָענט און ווייט פלעגט מען קומען צו אים נאָך עצות און אַלע זענען פון אים אַוועק געטרייסט און געשטאַרקט פון זיינע קלוגע רייד.

איינמאָל אין אַ זומער קומט צו אים אַ ייד און גיסט פאַר אים אויס זיין ביטער האַרץ:

— רב בנימין, מיין נאָמען איז אברהם־חיים און איך בין אַ מענטש, אַן אָנגעשטעלטער ביי לייבע ליטוואַק, דעם גביר פון שטעטל יאַנאָווע. איך בין אַ שרייבער אין זיין וואַלד. איך פיר די ביכער און דערצו גיב איך אַכטונג אויף די האָלץ־העקער, האַלט אַן אויג אויף די פורמאַנעס און בכלל היט איך, אַז אַלץ זאָל זיין כשורה. איך אַרבעט שווער, אָבער איך באַקלאָג זיך נישט חלילה. עס שטייט דאָך געשריבן בזיעת אפך תאכל לחם, מיט דעם שוויס פון דיין פּנים וועסטו פאַרדינען דיין ברויט. ווע־מען קומט אָן פרנסה גרינג? אָבער, ר׳ בנימין, מיין באַלעבאָס איז אַ האַרטער מענטש. ער שרייט, ער זידלט זיך. פאַר דעם קלענסטן טעות מאַכט ער מיך מיט בלאָטע צו גלייך. אין דעם טאָג וואָס ער קומט אין וואַלד איז מיר נישט ניחה דאָס לעבן. לעצטנס איז ער גאָר ווילד געוואָרן. ער האַלט מיך אין איין סטראַשען, אַז ער וועט מיך אַוועקשיקן, אָפּזאָגן מיך פון דער שטעלע. אויב ער שיקט מיך אַוועק, דאַרף איך אָנטון אַ טאָרבע און אַוועק איבער די הייזער. איך בין אַ טאַטע פון פיר קינ־דערלעך זאָלן לעבן און געזונט זיין.

— איז אייער משפּחה מיט אייך אין וואַלד? — האָט ר׳ בנימין גע־פרעגט.

— ניין — האָט אברהם־חיים געענטפערט. — איך בין אין וואַלד אַליין. די משפּחה איז אין שטאָט. מער ווי צוויי מאָל אַ יאָר קום איך נישט אַהיים. אויף פּסח און אויף ראש השנה.

— האָט איר עפּעס אַ פיינע שטוב אין וואַלד? — האָט ר׳ בנימין ווידער געפרעגט.

— יאָ, אַ שטוב פון פיר צימערן.

ר׳ בנימין האָט זיך אָנגערופן רואיק:

— מיין עצה איז, אַז אייער ווייב מיט די פיר קינדער זאָלן זיך אַריבערקלייבן צו אייך אין וואַלד.

אברהם־חיים איז געוואָרן אַ פּאַרציטערטער:

— וואָס רעדט איר, ר׳ בנימין? ווען מיין באַלעבאָס וועט אָנטרעפן מיין פאַמיליע אין וואַלד וועל איך נישט נאָר בלייבן אָן אַ שטעלע, נאָר אויך ליידן בזיונות. ער וועט מיך אַרויסטרייבן מיט זילזולים און געשרייען.

ר׳ בנימין האָט גערעדט רואיק:

— פאָלגט מיך און טוט וואָס איך הייס אייך. ער וועט אייך נישט אַרויסטרייבן. נעמט אַריבער ווייב און קינדער צו אייך אין וואַלד, טאַקע שוין באַלד, מאָרגן. איך זאָג אייך אַז אַלץ וועט אַריבער בשלום.

אברהם־חיים האָט געפאָלגט. אַלע האַלטן דאָך, אַז ר׳ בנימין איז אַ לאַנדס־חכם. ווייסט ער מסתמא וואָס ער האָט געראָטן. אָבער זיין האַרץ איז אים געווען שווער.

אַ וואָך נאָכדעם ווי די פאַמיליע האָט זיך אַריבערגעקליבן איז לייבע ליטוואַק געקומען אין וואַלד. ער האָט דערזען אברהם־חיימס יינגל און הויף האָט ער געפרעגט מיט רוגזה:

— ווער ביסטו?

דאָס יינגל האָט אים געענטפערט:

— איך בין אברהם־לייבס יינגל.

ר׳ לייב ליטוואַק איז אַריינגעקומען מיט אַ שטורעם אין שטוב. ער האָט אָנגעהויבן שרייען אויף אברהם־חיימען:

— וואָס מיינסטו דיר? דאָ איז אַן אכסניה? ווער האָט דיר געגעבן רשות, ווער האָט געזאָגט, אַז דו מעגסט ברענגען די משפּחה אַהער?

אברהם־חיים האָט אָנגעהויבן פּלאָנטערן מיט דער צונג:

— איך האָב געבענקט נאָך ווייב און קינדער. ס׳איז אומעטיק צו זיין אַליין אין וואַלד. מיט די קינדער איז פריילעכער.

— אַזוי, דיר איז אומעטיק, — האָט געשפּאָט דער גביר, — אפשר וואָלסטו געבראַכט אַהער אַ קאַפּעליע קלעזמער?

זיי זענען אַריין אין קאַבינעט און זיך געזעצט איבערקוקן די רייס־טערס. זיי זענען געזעסן לאַנג איבער די ביכער און אברהם־חיימס ווייב האָט זיי אַריינגעטראָגן טיי מיט קיכלעך. לייבע ליטוואַק האָט געזופּט די טיי אַ שווייגנדיקער.

שפּעטער־צו האָט די באַלעבאָסטע געגרייט דעם טיש און דער־לאַנגט צובייסן. לייבע ליטוואַק האָט אָפּגעגעסן, אָפּגעבענטשט און דער־נאָך געזאָגט מיט רוגזה צו זיין „שרייבער״:

— נו, צוליב דיין פריילעכקייט האָסטו געבראַכט אַהער ווייב און קינדער. אָבער וואָס וועסטו טאָן מיט דיין בחורל? ער איז דאָך אַ יאָר ניין אַלט, וואָס וועט ווערן מיט זיין גיין אין חדר? ער וועט דאָך אויס־וואַקסן אַ גוי.

— איך וועל מיט אים לערנען — האָט געענטפערט אברהם־חיים.

דער גביר האָט אַ בורטשע געטון:

— לאָמיר אים פאַרהערן.

ער האָט פאַרהערט דאָס יינגל און איז געוואָרן שוין רואיק:

— נו, איצט ווייס איך ווו ער האַלט אין חומש. איך וועל קומען אַהער אין אַ חודש אַרום און איך וועל אים פאַרהערן צו זען וואָס דו האָסט אים אויסגעלערנט. געדענק — זאָל ער ביי דיר נישט אויסוואַקסן קיין גוי.

ביי אברהם־חיימען איז אַראָפּ אַ שטיין פון האַרצן — דער באַלע־באָס רעדט שוין נישט פון אַוועקשיקן.

פון יעמאָלט אָן איז לייבע ליטוואַק געוואָרן גאָר אַן אַנדערער באַלע־באָס. סוף זומער האָט ער געגעבן אברהם־חיימען אַ הוספה. ער האָט אים געהעכערט די שכירות, כדי ער זאָל קענען אַראָפּברענגען אַ מלמד פאַר דעם יינגל. ווען מען האָט אויסגעהאַקט דעם וואַלד האָט לייבע ליטוואַק אַריבערגעפירט אברהם־חיימען אין אַן אַנדער וואַלד און טאַקע איניינעם מיט דער משפּחה.

אין אַ צייט אַרום איז אברהם־חיים געקומען צו ר׳ בנימינען באַ־דאַנקען אים פאַר דער עצה. דער וואַלד־שרייבער האָט זיך נישט איינ־געהאַלטן און געפרעגט:

זאָגט נאָר מיר, ר׳ בנימין, פון וואַנען האָט איר געוווּסט, אַז מיין באַלעבאָס וועט ווייכער ווערן, ווען איך וועל אַריבערברענגען מיין משפחה צו מיר אין וואַלד?

ר׳ בנימין האָט געענטפערט מיט אַ שמייכל:

פאַרשטייט מיך, איך האַלט, אַז ווי בייז און שלעכט אַ ייד איז, האָט ער דאָך אַ יידיש האַרץ. אפילו דער ערגסטער ייד וועט נישט צונעמען די פּרנסה פון אַ יידן וואָס דאַרף מפרנס זיין, שפּייזן אַ משפּחה. איך האָב זיך משער געווען, אַז ווען ר׳ לייבע וועט דערזען אייער משפּחה וועט ער אייך נישט אָפּזאָגן פון ברויט. יידן זענען דאָך רחמנים בני רחמנים — באַרעמהערציקע און די קינדער פון באַרעמהערציקע. די אייניקלעך פון אברהם אבינו וועלן נישט טון קיין שלעכטס צו אַ יידן אַ טאַטע פון קינדער.

# נאָר על פּי דין

אין דער שטאָט לאָדזש האָט געלעבט אַ ייד אַן אָרעמאַן — אַ טרעגער — מיטן נאָמען שמואל־חיים. דער ייד איז געווען אַ בעל מטופל מיט אַ שטוב קליינע קינדער, וואָס האָבן קיינמאָל נישט געהאַט קיין עסן צו דער זעט.

ער האָט געאַרבעט פון זונאויפגאַנג ביז ס׳איז געוואָרן פינצטער, דאָך האָט ער געלעבט אין דחקות. טרעגערייי איז נישט קיין אַרבעט, וואָס גיט פּרנסה בשפע. שמואל־חיים האָט זיך נישט געקלאָגט אויף זיין גורל, ער איז געווען אַ פרומער און ערלעכער ייד.

ער פלעגט אויפשטיין פאַרטאָג, ווען ס׳איז נאָך געווען פינצטער, אַוועק אין שול דאַווענען מיטן ערשטן מנין. אָפּגעדאַווענט, אָפּגעגעסן זיין מאָגערן פרישטיק איז ער אַוועק אין מאַרק זוכן צו פאַרדינען אויף ברויט. פאַרנאַכט איז ער אַוועק אין שול דאַווענען מנחה. צווישן מנחה און מעריב האָט ער זיך צוגעזעצט צום טיש פון חברה מדרש.

דעם עלטערן יינגל האָט ער געשיקט לערנען אין חדר. נאָכדעם ווי נאָך צוויי יינגלעך זענען אונטערגעוואַקסן און געוואָרן פון חדר־עלטער, האָט ער נישט געקענט באַווייזן שיקן דריי יינגלעך צו אַ מלמד אין חדר, האָט ער זיי געשיקט לערנען אין תלמוד תורה. פאַר מיידלעך איז קיין תלמוד תורה נישט געווען אין שטאָט, האָט ער זיך געשניטן די פינגער און געשיקט זיי צו אַ מיידלשן מלמד, אויף אַ זמן אָדער צוויי, ביז זיי האָבן זיך אויסגעלערנט דאַווענען, זאָגן אַ תחינה און אָנשרייבן אַ יידיש בריוול.

# שלמה סיימאָן

די שטאָט לאָדזש איז געווען באַרימט מיט אירע וועב־פאַבריקן, און פון גאַנצן לאַנד פלעגן יידן קומען איינקויפן וואָלנס, געוואַנטן, טוך און באַוולצייג.

טרעפט אַמאָל, אַז אַ פרוי אַ סוחרטע קומט קיין לאָדזש איינקויפן סחורה. זי האָט מיטגעבראַכט מיט זיך אַן אוצר מיט געלט — גאַנצע צען טויזנט רובל. זי איז געגאַנגען איבער די הורט־געשעפטן און איינגעקויפט וואָס זי האָט באַדאַרפט פאַר איר גרויסער קראָם. ווען ס׳איז געקומען צו באַצאָלן האָט זי זיך געכאַפּט, אַז זי האָט פאַרלוירן איר פאַרמעגן.

זי איז אַוועק צו רבי שמואלן, דעם רב פון שטאָט און מיט אַ געוויין, אַ קלאָג האָט זי אָנגעהויבן צו דערציילן וועגן איר אומגליק:

— רבי, איך דאַרף זיך אַ מיתה אָנטון! רבי, קויפט פאַר מיר אַ ביי־סעלע סם און גיט עס מיר איין און פטור! עס וועט מיך ראַטעווען פון אַלע צרות.

דער רב האָט זי באַרואיקט און זי געבעטן צו דערציילן וואָס עס האָט פאַסירט.

די פרוי האָט זיך אַ ביסל באַהערשט און דערציילט:

— איך האָב אַ שניט־קראָם אין דער שטאָט קאַדערעוו. איינמאָל אַ יאָר קום איך קיין לאָדזש איינקויפן פאַר מיין געוועלב. איך קויף — עס זאָל זיין געננוג פאַר אַ גאַנץ יאָר. און קויפן קויף איך, רבי, פאַר מזומן. איר ווייסט דאָך פאַר מזומן קויפט מען ביליקער. הייַנטיק יאָר האָב איך זיך אויך אַזוי געפירט. איך האָב גענומען צען טויזנט רובל און אַוועק־געפאָרן איינקויפן. איר פרעגט צי דאָס איז מיין אייגן געלט? ווער פאַר־מאָגט עס אַזוי פיל געלט? איך האָב זיך געננוג אָנגעבאָרגט, קרוב פיר טויזנט רובל איז פרעמד געלט. געלט פון יתומים און אלמנות, נו, האָב איך עס פאַרלוירן. אינגאַנצן פאַרלוירן. איך ווייס נישט ווו און ווען. איך ווייס יאָ, אַז איך האָב געהאַט דאָס געלט ווען איך בין געקומען קיין לאָדזש. איצט, רבי, איז מיר געבליבן — פון בריק אין וואַסער. איך האָב אַ מאַן אַ לערנער, וואָס ווייסט גאָר נישט פון קיין צורת מטבע. איך דאַרף אין אַ חודש אַרום חתונה מאַכן אַ טאָכטער. צוויי יינגלעך לערנען זיך. וואָס זאָל איך טון רבי, וואָס?

רבי שמואל האָט געענטפערט:

— זייט רואיק. לאָדזש איז אַ יידישע שטאָט. אויב אַ ייד האָט געפונען אייער געלט וועט ער זיכער וועלן מקיים זיין די מצווה פון השבת אבדה און ער וועט קומען צו מיר מיישב זיין זיך. פאַרט אַהיים דערציילט קיינעם נישט קיין מעשה, עס זאָל נישט ווערן קיין טומל ביי אייך אין שטאָט, און אַזוי ווי איך וועל עפּעס הערן, וועל איך אייך לאָזן וויסן.

די פרוי האָט געפאָלגט.

דריי טעג שפּעטער קומט אַריין שמואל־חיים דער טרעגער צום רב און רופט זיך אָן:

— רבי, איך האָב געהערט אַ קלאַנג, אַז אַ פרוי האָט פאַרלוירן צען טויזנט רובל. נו, איך האָב געפונען דאָס געלט. רבי, איך וויל הערן פון אייער מויל וואָס דער דין איז. אָבער איך וויל דער רבי זאָל פּסקנען על פּי דין צי איך דאַרף אומקערן דאָס געלט. זאָגט מיר נישט וואָס איך דאַרף טון לויטן יושר און לויט פרומקייט און רחמנות. אויב רחמנות און יושר זענען מיין ווייב און קינדער בילכער. איך האָב אַ קראַנק ווייב און צוויי טעכטער שטייען אין שידוכים. איך בין אַ ייד אַ קבצן, אַ דלפון, אַן אָרעמאַן, וואָס האָט נישט געזען קיין איין גוטן טאָג אין זיין לעבן. איך ווױן אין אַ קעלער און די קינדער האָבן קיינמאָל נישט געהאַט קיין ברויט צו זאַט. אויב יושר און רחמנות, איז מער רחמנות אויף מיינע קינדער און ס'איז מער יושרדיק, אַז דאָס געלט זאָל ביי מיר בלייבן. אַ פרוי וואָס פאַרלירט צען טויזנט רובל האָט געהאַט גוטע יאָרן — מיין ווייב און קינדער מעגן אויך האָבן אַ פּאָר גליקלעכע יאָרן. דערפאַר בעט איך אייך, רבי, איר זאָלט פּסקנען צי על פּי דין דאַרף איך אומקערן וואָס איך האָב געפונען. אָבער נאָר על פּי דין, אָן יושר.

רבי שמואל האָט געטראַכט אַ ווײַלע און דערנאָך געזאָגט:

— ס'איז אַ שווערע שאלה, רב שמואל־חיים. איך וועל עס אויף זיך נישט שטעלן. עס קען זיין על פּי דין איז דאָס געלט אייערס. די פרוי האָט זיך מסתמא מייאש געווען. אויפגעגעבן די האָפענונג, צו געפינען איר פאַרלוסט. נאָך ייאוש געהער דאָס געפינס צו דעם וואָס האָט עס געפונען. אָבער איך זאָג אייך, אַז איך וויל נישט שטעלן אויף זיך וויִל צופיל געלט איז פאַרמישט אין דעם ענין. איך וועל אָנפרעגן ביים גרעסטן רב וואָס מיר האָבן, ביי רבי יצחק אלחנן פון קאָוונע.

שלמה סיימאָן

שמואל־חיים דער טרעגער האָט געענטפערט:

— איך פאַרלאָז זיך אויף דעם פּסק־דין פון רבי יצחק אלחנן.

און דער רב האָט געזאָגט:

— לאָזט מיר איבער דעם אַדרעס ווו איר וווינט, און באַלד ווי איך וועל הערן פון רבי יצחק אלחנן וועל איך נאָך אייך שיקן.

— ס'איז נישט נויטיק צו וויסן ווו איך וווין, האָט געענטפערט דער טרעגער, צו וואָס זאָלן די שטובּיקע אויסגעפינען פון מיין געפינס און האָבן צער און פאַרדרוס אויב איך וועל דאַרפן צוריקקערן דאָס געלט? איר קענט מיך טרעפן יעדן טאָג בין מנחה למעריב אין גרויסן בית מדרש. איך הער דאָרט מדרש פון מענדל מלמד.

דעם זעלבן טאָג האָט רבי שמואל אָנגעפרעגט דעם דין, אין אַ בריוו, ביי רבי יצחק־אלחנן פון קאָוונע. דער קאָוונער רב האָט געפּסקנט, אַז שמואל חיים דער טרעגער מוז אומקערן דאָס געלט. אַ פרוי קען זיך נישט מייאש זיין פון אַ פאַרלוסט, ווייל לויט דעם יידישן דין איז, אַלץ וואָס אַ פרוי פאַרמאָגט — געהער צו איר מאַן. קיינער קען זיך נישט מייאש זיין פון עפּעס וואָס איז נישט זיינס.

דער לאָדזשער רב האָט באַלד געלאָזן וויסן דער פרוי זי זאָל קומען. ווען זי איז אָנגעקומען, האָט דער רב געשיקט רופן דעם טרעגער. שמואל־חיים האָט אויסגעהערט דעם פּסק. ער האָט אַ זיפץ געטון, אַרויסגענומען פון בוזעם־קעשענע דאָס פּעקל געלט און עס אַוועקגעלייגט אויפן טיש פאַרן רב. די פרוי האָט עס איבערגעציילט און עס האָט נישט געפעלט קיין גראָשן.

נאָכן איבערציילן דאָס געלט האָט שמואל חיים דער טרעגער געזאָגט אַ גוטע נאַכט און זיך געלאָזן צו דער טיר. די פרוי האָט זיך אָנגערופן:

— וואַרט, רב ייד, נאַט אייך פאַר אייער טרחה.

זי האָט אַראָפּגענומען דריי טויזנט רובל און עס דערלאַנגט דעם טרעגער.

שמואל חיים האָט זיך נישט צוגערירט צום דערלאַנגטן געלט. ער האָט געענטפערט שטיל:

— ווען איך וואָלט געוואָלט פרעמד געלט, האָב איך נישט געהאַט ביי זיך אין בוזעם קעשענע גאַנצע צען טויזנט רובל?

ער האָט אַ קוש געטון די מזוזה און איז אַרויס פון הויז.

# זרחס וואַנט

אין אַ דאָרף אין דער מדינה פּוילן, לעבן דער שטאָט שעדלעץ האָט אַמאָל געוווינט אַ ישובניק מיטן נאָמען זרח. אין שטאָט האָט מען אים גערופן זרח כאַם.

מען האָט אים גערופן מיט אַזאַ צונעמעניש, ווייל ער איז געווען זייער אַ פּאַרגרעבטער ייד. אפילו צווישן ישובניקעס האָט מען זעלטן ווען געזען אַזאַ פאַרגויאישטן יידן און אַזאַ עם הארץ. אָנגעטון איז ער געווען אַלעמאָל ווי אַ פּויער. רעדן האָט ער גערעדט אַ יידיש געמישט מיט פּויליש. אָפּט ווען ער איז געוואָרן בייז האָט ער גערעדט אינגאַנצן פּויליש. און זיין פּויליש איז געווען עכט דאָרפיש, באַווירצט און באַ־פּעפערט מיט גויאישע ווערטלעך. די יונגע יידישע ווייבלעך, וואָס אַ סך פון זיי זענען געגאַנגען אין פּוילישע שקאָלעס, האָבן געזאָגט: — זרח׳ס פּויליש איז אָן אַ שמץ פון יידישן קנייטש אָדער יידישן וועג פון רעדן גויאיש. ער רעדט פּויליש, ווי אַ שליאַכטשיץ.

ער איז קיינמאָל נישט געקומען אין שטאָט אויף אַ שבת אָדער יום־טוב, אפילו נישט אויף ראש־השנה און יום־כפּור. ווען ער איז געקומען אין אַ מאַרק־טאָג אין שטאָט און איז אַריין אין שול דאַוונען, איז ער געשטאַנען הינטער דער הרובע, געקוקט שטאַר אין אַ סידור און קיינער האָט אים קיינמאָל נישט געהערט אַרויסזאָגן אַ יידיש וואָרט אָדער אַ קרעכץ טון, ווי דער שטייגער איז פון אַ יידן ביים דאַוונען.

טרעפט איינמאָל אין אַ זומער, אַז דער שעדלעצער רב, רבי חיים, פאָרט צו אַ סעודת־מצווה צו אַ ישובניק. פאַרבלאָנדזשעט דער פּויער און קומט אָן מיטן רב צו זרח כאַמס דאָרף שוין נאָך האַלבן טאָג. פאַר־

פאַרט דער רב צו זרחן, דעם איינציקן יידן אין דאָרף. ער גייט אַראָפּ פון וואָגן, גייט אַריין אין שטוב און זאָגט צום ישובניק:

— איך וועל ביי אייך האַלטן שבת.

ענטפערט זרח כאַם קורץ:

— איך האָב אייך נישט ווו צו האַלטן.

באַקוקט דער רב די שטוב, אַ שטוב פון עטלעכע חדרים, זאָגט ער שאַרף צו זרחן:

— וועסט געפינען אָרט פאַר מיר.

הויבט אָן זרח טענהן אויף זיין פאַרגרעבטן יידיש:

— איך ווייס נישט ווי צו פראַוועו שבת. איך בין דאָך זרח כאַם. איך וועל בעסער שפּאַנען פערד און וואָגן און אייך אָפּשיקן מיט מיין גוי־אישן פאַראָבעק. אין צוויי שעה ברענגט ער אייך אין שטאָט. וואָס וועט איר דאָ טון שבת? איך בין זרח כאַם, אַ ייד אַ גראָבער יונג, כ׳ווייס נישט ווי צו פראַוועו שבת.

דער שעדלעצער רב, רבי חיים, האָט געענטפערט:

— צי דו ביסט אַן עם הארץ, צי דו ביסט אַ למדן אַרט מיך נישט. ביסט אַ ייד און איך האַלט ביי דיר שבת. פרייטיק נאָך האַלבן טאָג פאָר איך נישט. אויף דער עלטער וועל איך נישט משנה זיין מיין הנהגה. אַזוי פיר איך זיך מכמה וכמה יאָרן.

זרח האָט אַ בורטשע געטון עפּעס אונטער דער נאָז און געלאָזן דעם רב שטיין אינמיטן שטוב און איז אַרויס.

רבי חיים האָט זיך גענומען גרייטן צו קבלת שבת. ער האָט געפונען אַ טייכל פאַר טבילה. אָפּגעטובלט זיך, האָט ער זיך געזעצט זאָגן שיר השירים און מעביר זיין די סדרה, אחד מקרא ושנים תרגום — איינמאָל דעם פסוק אויף לשון קודש און צוויי מאָל דעם פסוק אויף תרגום לשון. זרחן נישט מען הערט אים און נישט מען זעט אים. ערשט ווען דער רב האָט מקבל שבת געווען איז זרח אַריין אין שטוב. ער האָט אַ בורטשע געטון: גוט שבת, און זיך אַוועקגעשטעלט אין אַ ווינקל פון שטוב ווייט פון רב.

דער שעדלעצער רב האָט געזאָגט די „שלום עליכמס״. ער האָט אויס־געזונגען די „שלום־עליכמס״ ווי זיין שטייגער איז אויפן קול מיט אַ ניגון,

מיט האַרץ און געשפּרייזט הין און צוריק איבערן חדר. זרח איז געשטאַ־נען אין ווינקל און עפּעס אונטערגעברומט שטיל. מיט אַמאָל האָט דעם רבס אויער אויפגעכאַפּט אַן אָפּגעבראָכענעם שטיקל ניגון פון זרחס מויל. דער רב האָט איבערגעהאַקט זיין זאָגן און אַ קוק געטון אויף זרחן, וועמען ער האָט פריער נישט אָנגעקוקט: זע נאָר, גאָר אַנאַנדער מענטש, ער איז אָנגעטון יידישלעך און דאָס פּנים זיינס האָט געקראָגן אַ צורת אלקים. האָט ער טאַקע אַרויסגעלאָזן אַזאַ זיסן שטיקל אָפּגעבראָכענעם ניגון? ווי קומט אַזאַ שטיקל נגינה צו זרח כאַם? דער רב קוקט און קוקט און זרח שטייט מיט אַ נאַרישן שולדיקן שמייכל. טראַכט דער רב: אפשר האָב איך אַ טעות געהאַט. אָבער ניין. מען דאַרף האַלטן אַן אויג אויף אים.

ביים עסן קוקט ער אים נאָך. דער ישובניק איז אַ בעל דרך ארץ. דער רב האָט אָנגעהויבן זינגען די שבתדיקע זמירות. זרח איז געזעסן שטום און נישט אַרויסגעהאָלפן. אָבער דער רב וואָלט געשווירן בנקיטת חפץ אַז עס קומט אָן זרחן זייער שווער דאָס שווייגן. ער זעט בחוש ווי די אָדערן אין האַלדז שפּילן ביים ישובניק, ווי דער ניגון וואָלט זיך געריסן פון האַלדז און זרח האַלט אים צו.

שבת גאַנץ פרי איז דער רב אויפגעשטאַנען און איז אַוועק צום טייכל און זיך טובל געוועזן. ווען ער איז געקומען צוריק פון דער טבילה און געעפנט די טיר פון פיר־הויז, האָט ער דערזען אַז זרח גייט אַראָפּ פון לייטער, וואָס פירט צו אַן אויבער־שטיבל אויפן בוידעם. בלייבט דער רב שטיין פאַרוווּנדערט און פרעגט זרחן מיט די אויגן: היתכן?

זרח ווערט בלייך און רויט, דערנאָך ווידער בלייך און רויט און ענט־פערט נישט.

גייט דער רב אַריין אין שטוב און שטעלט זיך דאַווענען. זרח ווערט ווידער נישט.

נאָכן עסן לייגט זיך צו דער רב שלאָפן, ווי דער שטייגער איז פון פרומע יידן. אָבער עס שלאָפט זיך אים נישט. עפּעס איז אינגאַנצן נישט כשורה מיט זרח כאַם. שטייט אויף רבי חיים, וואַשט די הענט און גייט אַרויס אין פיר־הויז. ער בלייבט שטיין ביים לייטער. ער הערט קלאָר ווי איינער גייט דאָרט הין און צוריק און ברומט עפּעס אַ ניגון, וואָס צעגייט זיך איבער אַלע אברים. דער רב איז נישט פויל, הויבט אָן

קלעטערן אויפן לייטער, וואָס פירט צו דער טיר פון אויבער־שטיבל. קריכט ער זיך אַרויף און גייט אַריין אין אויבער־שטיבל און בלייבט שטיין מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם. ער זעט אַ גרויס חדר, די גרייס ווי די גאַנצע שטוב. אַרום די ווענט פּאָליצעס, פון דיל ביז דער סטעליע, און אַלע פּאָליצעס זענען אָנגעפּראַפּט מיט ספרים.

זרח בלייבט שטיין, ווען ער דערזעט דעם רב. ער בלייבט שטיין מיט די הענט אויף הינטן און שווייגט. רבי חיים זאָגט אויך נישט קיין וואָרט. ער שפּאַצירט פאַרביי די פּאָליצעס און באַקוקט די ספרים. אַן אוצר: ש״ס בבלי און ירושלמי, מדרשים, פּלפּול ספרים, קבלה ספרים, חושן משפּט, אורח חיים, יורה דעה, אבן עזר, שאלות און תשובות פון ראשונים און אחרונים. עס פעלט נישט קיין ספר, וואָס אַ ייד אַ למדן וויל האָבן ביי זיך.

רבי חיים טוט אַ קוק אויף זרחן און זאָגט קורץ:

— לאָמיר זיך זעצן לערנען.

לערנען זיי אָפּ אַ פּאָר שעה און דער שעדלעצער רב זעט, אַז זרח כאַם איז מלא וגדוש מיט ש״ס און פוסקים, אַ בקי אין נגלה און נסתר און איז אַ חריף גאָרנישט צו באַנעמען.

זאָגט צו אים דער רב:

— ר׳ זרח, היתכן? אַ ייד ווי איר, וואָס זיצט איר אין דאָרף? און פאַרוואָס פאַרשטעלט איר זיך? איר דאַרפט מרביץ תורה זיין ברבים. יידן דאַרפן זיך וואַרעמען ביי דעם פייער פון אייער תורה.

ענטפערט זרח כאַם:

— רבי, איך קען אַנדערש נישט. איך בין געווען געפּאַנגען אין שטנס נעץ. איך בין אַ גרויסער בעל תאווה פון כבוד און פרסום, איך האָב נישט געקענט ביישטיין דעם נסיון פון כבוד און פרסום, ביז איך האָב אויף זיך גענומען צו זיין אַ פּראָסטער ייד, אַ ייד ווי אַלע יידן. נישט אויספּיינען זיך מיט מיין לומדות און נגינה.

און ר׳ זרח האָט דערציילט:

— איך בין איצט פיר און זעכציק יאָר אַלט. ווען איך בין אַלט געווען צען יאָר האָב איך געוווינט מיט מיין טאַטן אין אַ דאָרף, וואָס האָט געהערט צום פּריץ בראַגיאַנסקי, לעבן דער גרענעץ פון פּאָליעסיע, אין

רייסן. איך בין געווען אַ בן יחיד און אַן עילוי. צו צען יאָר בין איך געווען קלאָר אין גאַנץ סדר נזיקין. דערצו האָב איך געהאַט אַ שיין קול און ליב געהאַט נגינה. טאַטע מאַמע האָבן מיך אָפּגעהיט ווי דאָס שוואַרצ־אַפּל פון אויג.

דער טאַטע האָט געהאַלטן אַ קרעטשמע. פּרנסה האָט ער געהאַט בשפע. ער איז אויך געווען אַ שטיקל למדן צווישן די ישובניקעס. האָט מען אים געהאַלטן פאַר דעם חשובסטן יידן, נישט נאָר אין זיין דאָרף, נאָר אויך אין די אַרומיקע דערפער. די ספר תורה איז איינגעשטאַנען ביי אונדז אין שטוב און אַלע שבת און יום־טוב איז געווען דער מנין ביים טאַטן אין הויז.

איינמאָל אַ שבועות האָט מען מיך מכבד געווען מיט זאָגן אקדמות. איך בין געשטאַנען ביים טיש, וואָס האָט געדינט פאַר אַן עמוד, זיך גע־שאָקלט און אויסגעזונגען דעם אקדמות־ניגון מיט אַלע טענער און דריידלעך. אינמיטן מיין זאָגן איז אַריינגעקומען פּאַן בריאגאנסקי. איך האָב נישט מפסיק געווען מיין געזאַנג. דער גוי איז געבליבן שטיין ווי אַלע אברים וואָלטן אים אָפּגענומען.

פון יענעם טאָג אָן האָט דער פּריץ אונדז נישט אָפּגעלאָזן. ער איז געוואָרן אַן אָפטער אַריינגייער אין הויז און אַלעמאָל פאַרבראַכט מיט מיר. עס וואָלט געווען צו לאַנג איך צו דערציילן וועגן אַלע פּאָרטלען, וואָס ער האָט געניצט מיך אַריינכאַפּן אין זיין נעץ. איך קען אייך נאָר זאָגן, אַז אין גאָר אַ קורצער צייט בין איך געוואָרן אַן אַריינגייער אין זיינע „פּאָקאָיעס", זיין פּאַלאַץ, און ער האָט מיך געלערנט זינגען און שפּילן פידל.

אַ מאָדנעם כישוף האָט געהאַט די פידל פאַר מיר. די ערשטע צייט האָב איך זיך געלערנט שפּילן לויט דעם געהער: ער האָט געשפּילט אויף דעם פּאָרטעפּיאַן און איך אויפן פידל. אין עטלעכע וואָכן אַרום האָב איך שוין געקענט לייענען נגינה־נאָטן, וואָס איז אַ מין טראָפּ.

גאַנצע נעכט און אָפט די טעג האָב איך פאַרבראַכט ביים פּריץ. איך האָב פאַרלאָזן דאָס לערנען, זיך נישט אומגעקוקט אויף טאַטע־מאַמע, נאָר פידל, זינגען און פּאָרטאָפּיאַן זענען מיר געלעגן אין קאָפּ.

## שלמה סײמאָן

דער טאַטע האָט דערזען, אַז דער פּריץ האָט מיך אַרײַנגעכאַפּט אין זײַן נעץ האָט ער מיך, װי יונג איך בין געװען, אַװעקגעשיקט אין דער ישיבה. אַ האַלב יאָר בין איך דאָרט געװען. די ערשטע דרײַ חדשים בין איך אַרומגעגאַנגען אַ פאַרחושטער. איך האָב געבענקט נאָך דעם פידל, נאָך דעם פּאָרטעפּיאַן און נאָך דעם פּריץ. אָבער ביסלעכװײַז, ביסלעכ־װײַז האָט מיך דאָס לערנען צוריק פאַרכאַפּט און איך בין געװאָרן אַן אמתער מתמיד.

אָבער אין אַ שײנעם טאָג איז דער טאַטע געקומען און מיך גענומען אַהײם. איך האָב דעם טאַטן נישט דערקענט. ער איז אין די זעקס חדשים אינגאַנצן גרוי געװאָרן. װען איך בין געקומען אַהײם האָב איך די מאַמע נישט געטראָפן, זי איז געשטאָרבן מיט אַ חודש צוריק.

אין דעם זעלבן טאָג פון מײַן קומען אַהײם איז דער פּריץ געװען בײַ אונדז אין שטוב. מיר האָבן זיך אַרױסגעכאַפּט און זיך צעקושט. איך האָב באַלד פאַרגעסן אָן דער טױטער מאַמען און דעם גרוי געװאָרענעם טאַטן. נאָך אין דעם זעלבן טאָג בין איך געװאָרן אַ תושב אין שלאָס. איך האָב אינגאַנצן אױפגעהערט לערנען. איך בין געװען אַרײַנגעטון ראשי ורובי אין נגינה.

דער טאַטע האָט געשװיגן. מיר גאָרנישט נישט געזאָגט. איך האָב זײַן שװײַגן אָנגענומען װי אַ הסכמה. אין מײַן התלהבות פאַר נגינה האָב איך נישט געזען דעם טאַטנס צער, נישט באַמערקט װי ער צערט אײַן פון טאָג צו טאָג. איך האָב זיך גאָר נישט אַרומגעזען װי איך האָב אָנגעהױבן עסן טריפה.

דער פּריץ האָט מיר אָנגעהױבן אײַנרעדן איך זאָל פאָרן אין אַן אַקאַדעמיע, װאָס מען רופט קאָנסערװאַטאָריע, זיך לערנען דאָרט נגינה. איך האָב זיך געװערט, געשראָקן פאַר דער גױאישער װעלט. אָבער דער טאַטע איז פּלוצלינג געשטאָרבן. נאָך שבעה בין איך אַװעקגעפאָרן אין דער קאָנסערװאַטאָריע.

איך בין אָנגעקומען אַהין אױף דעם פּריצס נאָמען. מען האָט מיך גערופן סטאַניסלאַװ בראַגיאַנסקי. איך האָב זיך נישט געשמדט חלילה. דער פּריץ האָט עס אפילו נישט פאַרלאַנגט. װען ער פאַרלאַנגט עס, רבי, װער װײסט צי איך װאָלט אפילו דעמאָלט געהאַט אַ נסיון. דאָרט האָט מען

מיך אָנגענומען פאַר איינעם פון דער פויליש מיוחסדיקער משפחה בראַ־גיאנסקי.

צוויי יאָר האָב איך דאָרטן געלערנט. אויף דעם סוף פון צווייטן יאָר האָט די קאָנסערוואַטאָריע מיך אַרויסגעשטעלט צו שפּילן פאַר אַ געקליבענעם עולם. אין אַ גרויסן חדר, אויף אַ בימה, בין איך געשטאַ־נען מיט מיין פידל און געשפּילט. דער גאַנצער זאַל איז געווען פאַרנומען מיטן עולם. ליכטיק איז געווען בלויז נאָר אויף דער בימה. קיין פּנימער האָב איך נישט געזען אָבער איך האָב געפילט ווי דער גאַנצער עולם הערט זיך איין מיט איינגעהאַלטענעם אָטעם, ווייל נישט פאַרפעלן קיין איין קלאַנג, קיין איין טראָפּ, קוועטש.

נאָך יענעם שפּילן האָט מיך דער פּריץ געבראַכט אין אַ גרויסער אכסניה און דאָרט אין גרעסטן זאַל זענען געשטאַנען טישן אָנגעלאָדן מיט כל טוב. מען האָט געגעסן, געטרונקען צו מיר „וויוואַטן", לחיים הייסט עס, און דער פּריץ האָט מיך געקושט און געהאַלדזט פאַר אַלעמען אין די אויגן און מיר געגעבן אַ מתנה אַ גאָלדענעם זייגער אויסגעלייגט מיט דימענטן.

אָבער יענע נאַכט האָב איך נישט געקענט שלאָפן. איך בין ערשט איינגעשלאָפן ווען עס האָט שוין אָנגעהויבן טאָגן. ווען איך בין איינגע־שלאָפן האָט זיך מיר געחלומט אַ שרעקלעכער חלום. דער טאַטע איז לעבן מיר געשטאַנען און ער האָט צו מיר גערעדט:

— זרחל, מיין קינד, דו האָסט היינט געשפּילט פאַר די ערלים. זיי האָבן פון דיר הנאה געהאַט. אָבער וואָס האָבן זיי געטון נאָך דיין שפּילן? געפרעסן און געזויפט און מאָרגן וועלן זיי זיך לאָזן אויף יאַגד. זיי, שונאי ישראל. ווייסן נישט צו דו ביסט אַ ייד. זיי האָבן געפּליעסקעט מיט די הענט נאָכדעם ווי דו האָסט אויפגעהערט שפּילן. אָבער וואָס האָבן זיי מיט מיר געטון? מקצר ימים געווען. און דיין מאַמע איז אַוועק יונג פון דער וועלט צוליב דיין פּריץ. און ווייסטו וואָס פאַר אַ טאָג איז היינט? היינט ביסטו בר מצווה געוואָרן. דו האָסט דאָך געקענט האַלטן אַ דרשה פאַר אַן עדה יידן און דערנאָך האָבן אַ סעודת־מצווה. איצט וועסטו ווערן איינער פון זיי, אַ רשע. וועסט אויך אַוועקגזלענען קינדער פון זייערע טאַטעס.

איך בין אויפגעשטאַנען מיט אַ קאָפּ ווייטיק. אַ גאַנצן טאָג בין איך

אַרומגעגאַנגען אַ צעדולטער און אַ צעשראָקענער. אויף דער צווייטער נאַכט האָט זיך מיר ווידער געחלומט דער טאַטע. אַזוי נאַכט איין נאַכט אויס. דער פּריץ האָט דערזען, אַז איך בין בלייך, עס נישט, גיי אַרום ווי איך וואָלט געווען אין עולם התוהו, האָט ער געמיינט אַז עס איז מיר געקומען פון צופיל לערנען אין קאָנסערוואַטאָריע, האָט ער מיך אוועק־גענומען אין זיין שלאָס אָפּצורוען זיך. אָבער אויך דאָרטן האָבן מיך די חלומות נישט געלאָזן צורו.

אין אַ ווינטערדיקער נאַכט בין איך אַנטלאָפן פון פּריץ. איך בין אַוועק קיין ליעכאַוו, ווו עס איז געווען אַ גרויסע ישיבה. איך בין אַריין צום רב אין מיין גויאישן הילוך. איך האָב אים דערציילט אַלץ וואָס עס האָט געטראָפן מיט מיר. און אים געבעטן ער זאָל מיך אַריינגעמען אין דער ישיבה.

עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דער רב האָט געהערט וועגן מיר. ווי עס ווייזט אויס האָבן יידן זיך גענומען צום הארצן, וואָס אַ ווילקענער איז אַרויס לתרבות רעה. דער רב האָט מיר נישט געזאָגט קיין מוסר. ער האָט נאָר מיך געפרעגט צי איך האָב זיך געשמדט, ווען איך האָב אים געזאָגט אַז ניין, האָט ער מיך איבערגעטון אין יידישע מלבושים און מיך אַריינגענומען אין דער ישיבה.

איך האָב זיך צוגעכאַפּט צום לערנען ווי אַ מענטש כאַפּט זיך צו צום עסן נאָך אַ לאַנגן גויט־תענית. עס האָט נישט גענומען לאַנג און איך האָב זיך צוריק דערמאָנט דאָס פאַרגעסענע לערנען. פיר חדשים האָב איך גע־לערנט אָן קיין שום אַריינמישונג פון מחשבות זרות.

ס'איז מיר געווען גוט די ערשטע חדשים, וואָס איך בין געווען אין דער ישיבה. איך האָב געלערנט הויך אויפן קול, הנאה געהאַט פון לער־נען, פון מיין זיסער שטים און פון מיינע מחשבות: אָט וועל איך ווערן אַ גרויסער רב און אָנטון אַ נחת רוח דעם טאַטן אויף יענער וועלט. שבת הגדול וועל איך שטיין אויף דער בימה און דרשהנען פאַר מיין קהילה און אַלעמענס פּנימער וועלן שיינען פון גרויסן תענוג־התורה, וואָס זיי וועלן האָבן.

דאָנערשטיק פלעגן מיר, ווי דער שטייגער איז, זיין אויף אַ גאַנצע נאַכט. דאָנערשטיק איז געווען דער משמר פון דער ישיבה. מיר האָבן

געלערנט אַ גאַנצע נאַכט ביז דער ערשטער מנין האָט זיך צוזאַמענגענו־
מען. זיך איך אַזוי און לערן. די פענצטער זענען אָפן און עס טראָגט זיך
דורך די אָפענע פענצטער אַ ווינטל וואָס ברענגט געשמאַקע ריחות פון
די אַרומיקע פעלדער. מיט אַמאָל דערהער איך דאָס שפילן פון אַ פידל.
איך בין געבליבן זיצן אַ צעטומלטער. איך האָב אויפגעהערט לערנען
און זיך צוגעהערט צו די פידל טענער. יאָ, איך הער זיי קלאָר, אָבער
קיינער פון די בחורים הערט זיי נישט. איך האָב פאַרשטאַנען, אַז דער
ניגון קומט פון ערגעץ נישט, נאָר פון אינעווייניק אין מיר. האָב איך
אָנגעהויבן לערנען העכער, שטאַרקער, פאַרטומלען די פידל מיט דעם
גמרא ניגון. יענע נאַכט איז מיר עס געלונגען.

אָבער פון יענער נאַכט אָן האָבן מיך די קלאַנגען און טענער פון
דער פידל נישט אָפּגעלאָזן. אַ גרויס בענקעניש איז מיך באַפאַלן. איך
האָב געבענקט נאָך דער קאָנסערוואַטאָריע. רבי, איך קען נישט איבער־
געבן מיין מאַטערניש און ראַנגלעניש. סוף כל סוף האָב איך מער נישט
געקענט אויסהאַלטן. איך האָב זיך אַרויסגעגנבֿעט פון דער ישיבה און
אַנטלאָפן צום פריץ.

איך בין געקומען צו אים אָנגעטון אין מיינע יידישע מלבושים און
אין לאַנגע פיאות. ער האָט אויף מיר אַ קוק געטון און האָט צו מיר
קיין וואָרט נישט געזאָגט. ער האָט צום ערשט געגרייט אַ מאָלצייט פאַר
מיר. איך האָב געגעסן פון זיין טיש. נאָכן עסן האָט ער אַ שמייכל געטון
און אַריינגערופן זיין שערער. נאָכן אַרומשערן מיך האָט מען אָנגעגאָסן
פאַר מיר אַ ביטל, אַ וואַנע, מיט הייס וואַסער. איך האָב זיך אַרומגע־
וואַשן. די גויאישע קליידער זענען געווען גרייט פאַר מיר. איך האָב
זיי אָנגעטון.

ער האָט מיך צוריק אַוועקגעשיקט אין דער קאָנסערוואַטאָריע.

איך בין דאָרט געווען אַ יאָר. איך האָב ווידער געשפילט פאַר אַן
עולם און עס האָט מיך ווידער אַרומגעכאַפּט אַ בענקעניש נאָך דער תורה.
אינמיטן שפּילן פידל פלעגט זיך מיר דוכטן, אַז איך שטיי פאַר אַן עדה
יידן און דרשן, אָדער איך זיץ אויבנאָן אַ טיש און זאָג תורה פאַר די
ישיבה בחורים. איך בין דורכגעגאַנגען גרויסע ענויים, רבי, געגעסן טרפה,

געלעבט ווי אַ גוי און געבענקט נאָך גאָטס תורה. איך האָב לאַנג נישט אויסגעהאַלטן און איך בין אַנטלאָפן פון דער קאָנסערוואַטאָריע, צוריק צו דער ישיבה.

אָבער לאַנג בין איך נישט געזעסן אין דער ישיבה. נישט מער ווי אַכט חדשים. איך האָב ווידער דערהערט דאָס שפּילן פון פידל אין דער שטילקייט פון דער נאַכט.

אַזוי, רבי, איז אָנגעגאַנגען פולע פינף יאָר. איך בין געלאָפן פון דער ישיבה צום פּריץ און פון דער קאָנסערוואַטאָריע אין דער ישיבה. אויפן זעקסטן יאָר בין איך אַוועק אָפּריכטן גלות. איך האָב אָפּגעריכט גלות אַ גאַנצן יאָר און נישט געהערט מער קיין טענער פון פידל. דעמאָלט האָב איך זיך אָפּגעשטעלט אין אַ קליין שטעטל, אין אַ בית מדרש, וווּ עס האָבן געלערנט געציילטע פּרושים, און זיך דאָרטן געזעצט לערנען.

איך האָב אָפּגעלערנט דאָרט אַ פול יאָר. איך האָב געלערנט טאָג און נאַכט. יענעם יאָר בין איך דורכגעגאַנגען גאַנץ סדר מועד. אָבער איינמאָל אַ פאַרטאָג האָב איך ווידער דערהערט דאָס שפּילן פון פידל, און אַ גרויס בענקעניש האָט זיך דערוועקט אין מיין האַרצן צו דער קאָנסערוואַטאָריע און צום פּריץ.

איך האָב אָנגעהויבן לערנען העכער מיט מער התלהבות, אָבער אויך דאָס שפּילן פון פידל האָט זיך פאַרשטאַרקט. דאָס ראַנגלעניש פון מיין ניגון מיט דעם שפּילן פון פידל איז אָנגעגאַנגען אַ גאַנצע שעה און איך האָב די פידל־קלאַנגען נישט געקענט בייקומען. אָט פיל איך ווי מיינע פיס וועלן זיך אויפהייבן און איך וועל פאַרלאָזן דעם בית מדרש. איך האָב זיך איינגעקלאַמערט מיטביידע הענט אָן דעם שטענדער, אויף וועלכן מיין גמרא איז געלעגן, איך האָב אַוועקגעלייגט מיין קאָפּ אויף דעם אָפענעם הייליקן ספר און זיך צעוויינט און אויסגערופן:

— רבונו של עולם, איך קען מער נישט אויסהאַלטן די ראַנגלע־נישן, שטאַרק מיך!

אינמיטן געוויין האָב איך דערפילט, אַז עמיצער שטייט איבער מיר. איך האָב אויפגעהויבן די אויגן און דערזען — לעבן מיר שטייט אַ יונ־גערמאַן, איינער פון די פּרושים, וואָס האָט דאָרט געלערנט. ער איז גע־

שטאַנען איבער מיר און שטום געקוקט מיט רחמנות אויף מיר, און מיך געלאָזן זיך אויסוויינען. דערנאָך האָט ער צו מיר געזאָגט:

— דערצייל!

איך האָב אים אַלץ דערציילט. ער האָט מיך אויסגעהערט און מיר נישט איבערגעשלאָגן מיט קיין איין וואָרט. ווען איך האָב געענדיקט רעדן און אויסגעווישט די טרערן פון די אויגן האָט ער אַרויסגענומען אַ חומש פון שטענדער געעפנט דעם ספר דברים, סדרה שופטים, און מיר אָנ־געוויזן אויף אַ פסוק און געזאָגט צו מיר:

— זאָג דעם פסוק!

איך האָב איבערגעלייענט: תמים תהיה עם ה׳ אלהיך.

וואָס מיינט עס — האָט ער מיך געפרעגט.

— שייך, האָב איך געענטפערט, עס מיינט דו זאָלסט זיין גאַנץ מיט דיין גאָט.

— וואָס מיינט „גאַנץ״? — האָט ער געפרעגט אומגעדולדיק.

איך האָב נישט געוווסט וואָס ער וויל פון מיר.

ער האָט אָנגעהויבן רעדן בנעימות:

— פאַרשטייסט? עס מיינט פשוט. זיי ערלעך מיט גאָט. ווי רש״י טייטשט: התהלך עמו בתמימות.

פיר זיך אויף ערלעך מיט אים. און ווייטער שטייט דאָרט, קוק אַרויף צו אים, פאָרש נישט וואָס שפּעטער וועט זיין, נאָר אַלץ וואָס קומט אויף דיר נעם אויף מיט תמימות און ווי דער „עיקר שפתי חכמים״ טייטשט, דעמאָלט וועט גאָט דיר העלפן.

ער האָט זיך אָפּגעשטעלט אויף אַ רגע און ווייטער גערעדט:

— דער אומגליק מיט דיר איז, וואָס דו אַנטלויפסט פון זיי, נישט צוליב דיין ליבשאַפט צו גאָטס תורה און כדי צו ווערן צוריק אַן ערלע־כער ייד, נאָר צוליב כבוד, צוליב פרסום. אַמאָל מיינסטו, אַז דו וועסט האָבן מער כבוד און מער פרסום ווען דו וועסט זיין אַ פידל־שפּילער און אַמאָל מיינסטו, אַז דו וועסט האָבן מער כבוד און מער פרסום ווען דו וועסט ווייזן דיין כוח אין תורה פאַר יידן.

איך האָב צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ: מסכים. און ער האָט ווייטער גע־רעדט:

— און ווערן אַ פּראָסטער ערלעכער ייד און דינען גאָט מיטן גאַנצן האַרצן און מיט דער גאַנצער נשמה איז נישט קיין גרויסע מדרגה? איך זאָג דיר, אַז עס איז אַ גרעסערע מדרגה צו זיין אַ פּראָסטער ערלעכער ייד ווי צו זיין אַ רב ביי יידן און אוודאי אַ גרעסערער אויפטו ווי צו זיין אַ פידל־שפּילער ביי זיי.

— איז וואָס זאָל איך טון?

— אויב דו זוכסט מנוחה, אויב דו זוכסט שלווה פאַר דער נשמה, ווער אַ נסתר! באַזעץ זיך אין אַ דאָרף און ווער אַ דאָרפס־ייד. זאָל קיינער נישט וויסן פון דיין למדנות און פון דיין נגינה. נוץ דיין למדנות און נגינה צו דינען גאָט, אָבער נישט אויף קיין פּרסום און זעטיקן דיין תאווה צו כבוד.

— און, רבי, האָט געענדיקט זרח כאַם, איך האָב דעמאָלט גענומען אויף זיך אַ נדר אויסצולעבן מיין לעבן ווי אַ פּראָסטער ייד, רבי, איך האָב געקראָגן מנוחה און שלווה. איך בין ערלעך מיט גאָט. דאָס פידעלע האָט מיך פון דעמאָלט אָן מער נישט באַאומרואיקט. לאָזט מיר אויסלעבן אַזוי די יאָרן. דערציילט קיינעם נישט.

דער רב האָט אים צוגעזאָגט און געהאַלטן וואָרט.



אין אַ צייט אַרום איז ר׳ זרח געשטאָרבן און מען האָט אים גע־בראַכט אין שטעטל צו מקבר זיין. דער רב האָט זיך דערוווּסט דערפון און ער איז אַוועק אין טהרה שטיבל און אַליין זיך מתעסק געווען מיט טהרת המת. די שטאָט האָט אָנגעהויבן קאָכן: דער רב, רבי חיים, איז זיך מתעסק מיט זרח כאַם. עפּעס שטעקט אין דעם. די גאַנצע שטאָט איז געקומען צו דער לויה. נאָך דער לויה האָט דער רב אַריינגענומען די אלמנה צו זיך אין שטוב און זי איז דאָרטן געזעסן שבעה. דער רב האָט געדאַוונט ביים עמוד און געזאָגט קדיש נאָכן מת.

די שטאָט האָט זיך געוווּנדערט פאַרוואָס דער רב גיט אָפּ אַזוי פיל כבוד צו זרח כאַם. ערשט נאָך שבעה האָט ער דערציילט דער קהילה ווער זרח כאַם איז געווען.

די אלמנה איז געבליבן אין שטאָט. פון דאָרף האָט מען געבראַכט זרחס ספרים און זיי אַוועקגעשטעלט אין בית מדרש. די וואַנט, אויף וועלכער עס זענען געווען אויסגעשטעלט זרחס ספרים האָט מען גע־רופן „זרחס וואַנט".

# אַ ייִד אַן עקשן

אין דער שטאָט סלוצק, אין אַמאָליקן רוסלאַנד, האָט געלעבט אַ שניי־דער־יונג מיטן נאָמען רפאל־יאָסל. געוויינטלעך זענען שניידער־יונגען פריילעכע לונג און לעבערס. זעלטן זיצן זיי שטיל ביי דער אַרבעט. זיי זינגען, זיי וויצלען זיך, טוען אָפּ שפּיצלעך איינער דעם אַנדערן און לאַכן אָפּ פון דער גאַנצער וועלט. אָבער רפאל־יאָסל איז אַלעמאָל גע־זעסן ביי דער אַרבעט אַ שוויגנדיקער, שטיל אַריינגעטון אין דער אַרבעט און קיינמאָל נישט געטריבן קיין קאַטאָוועס מיט קיינעם.

יאָרן זענען אַוועק. ביי רפאל־יאָסלען האָט זיך אָנגעהויבן אויסשיטן אַ בערדל אויף דער גאָמבע און ער האָט חתונה געהאַט. נאָך דער חתונה האָט ער נישט געעפנט קיין „מאסטערסקייע״ — וואַרשטאַט — פאַר זיך ווי עס איז געווען דער שטייגער פון די פּועלים אין יענע צייטן. ער איז געבליבן אַרבעטן ביי יענעם. און איז געוואָרן נאָך אַ גרעסערער שווייגער.

ווען רפאל־יאָסל איז אַלט געוואָרן פינף און צוואַנציק יאָר האָט ער, אין אַ שיינעם פרימאָרגן, זיך אויפגעהויבן פון זיין וואַרשטאַט און איז אַוועק אין גרויסן בית־מדרש ווו די ישיבה־בחורים האָבן געלערנט. ער איז צוגעגאַנגען צו אַ ישיבה־בחור און געזאָגט צו אים:

— איך וויל לערנען תורה.

דער ישיבה־בחור האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ פון דער גמרא, אַ קוק געטון אויף דעם יונגנמאַן מיט דער טינט שוואַרצער באָרד און די טרויעריקע, טיפע ברוינע אויגן און געענטפערט פאַרחידושט:

— לערנט, ווער לאָזט אייך נישט?

רפאל־יאָסל האָט שטיל, כמעט שטאַמלענדיק, געענטפערט:

— איך בין אַ שניידער. איך קען אַליין נישט לערנען. לערנט מיט מיר.

דער ישיבה־בחור האָט געזאָגט צו אים:

— נו, זעצט זיך צו און לאָמיר לערנען אינאיינעם. איך לערן איצט מסכתא פסחים.

רפאל־יאָסל איז געוואָרן רויט און געענטפערט שעמעוודיק:

— איר האָט מיך נישט פאַרשטאַנען. איך האָב דאָך אייך געזאָגט, איך בין אַ שניידער. כל ימי געווען אַ שניידער. איך קען נאָר דאַווענען. הייבט מיט מיר אָן חומש. פון בראשית.

דער ישיבה־בחור האָט אומגעדולדיק זיך אַ בייזער געטון:

— לאָזט געמאַך, איך בין נישט קיין דרדקי מלמד. און אייך פּאַסט נישט צו ווערן אַ חדר־יינגל. איר זענט שוין דאָך אַ ייד מיט אַ באָרד.

רפאל־יאָסל האָט נישט אָפּגעלאָזן:

— אָבער איך גלוסט נאָך תורה לערנען.

דער ישיבה־בחור האָט אַ קוק געטון אויף דעם טרויעריקן פּנים פון שניידער און געענטפערט מיט רחמנות:

— אַ שאָד, אַ שאָד. איר האָט זיך צו־שפּעט געכאַפּט. פאָלגט מיך גייט צוריק צו דער נאָדל.

אָפּגעזאָגט און זיך געזעצט צוריק לערנען.

רפאל־יאָסל איז אַוועק צו אַן אַנדער בחור. עס האָט זיך אָנגעהויבן דערזעלביקער געשפּרעך. דער צווייטער ישיבה־בחור האָט אים אויך אָפּגעזאָגט. אָבער רפאל־יאָסל איז אַזוי לאַנג צוגעשטאַנען צו די בחורים ביז עס האָט זיך געפונען אַ ישיבהניק, וואָס האָט מסכים געווען אָנהייבן צו לערנען מיט אים חומש. ער האָט מיט אים אָנגעהויבן פון בראשית.

קיין פלינקן קאָפּ האָט רפאל־יאָסל נישט געהאַט, שווער איז אים אָנ־געקומען דאָס לערנען. אָבער ווייל ער איז געווען אַ גוואַלדיקער עקשן, איז ער געוואָרן אַ גרויסער מתמיד. טאָג און נאַכט איז ער געזעסן איבערן חומש. ער האָט איבערגעחזרט יעדן פּסוק צענדליקער מאָל. ער איז ניט אָפּגעטראָטן פון אָרט ביז ער האָט נישט נאָר געוווּסט דעם טייטש פון יעדן וואָרט, נאָר טאַקע ביז ער האָט געקאָנט דעם גאַנצן פּסוק אויף אויסנווייניק צוריקוועגס.

שלמה סיימאָן

ער איז געזעסןביים חומש אָן עסן און טרינקען. די ישיבה־בחורים האָבן אויף אים רחמנות געקראָגן, האָבן זיי אים אונטערגעטראָגן אַ שטיקל ברויט, אַ פּיצעלע הערינג, אַ רייפּל ציבעלע און אַ גלאָז טיי מיט אַ שטיקל צוקער. דער שניידער־יונג האָט זיך געוואַשן, אָפּגעכאַפּט דאָס עסן, אָפּגעבענטשט און ווידער זיך צעשאָקלט איבערן חומש.

פרייטיק נאָך מיטאָג איז ער אַוועק אַהיים אויף שבת צום ווייב. אין שטוב האָט זיך געטון חושך. דאָס ווייב האָט זיך צעשריען, צעליאַ־רעמט: סטייטש און סטייטש! ווי פּאַרלאָזט עס אַ ייד אַ ווייב און אַ שטוב און אַנטלויפט אין בית מדרש. וואָסי, ער וועט ווערן אַ למדן אויף דער עלטער? זי וועט אים נעמען צום רב. זי וועט אים אַרויסטרייבן פון שטוב. זי וועט גיין און שרייען איבער די גאַסן. אירע טענות האָט זי באַגלייט מיט קללות און זלזולים. רפאל־יאָסל איז געזעסן שטיל אויף אַ טאַבורעטקע, די אויגן פאַרמאַכט און זיך געשאָקלט, געשעפּטשעט אויף אויסנווייניק פּסוקים פון חומש, און נישט געענטפערט קיין וואָרט.

שבת צו נאַכט נאָך מעריב, איז ער געבליבן אין בית מדרש, ער האָט זיך צוריק געזעצט לערנען.

דאָס ערשטע יאָר האָט ער געלערנט חומש. אויף דעם צווייטן יאָר האָט ער אָנגעהויבן לערנען פּסוק־נביאים. אויפן סוף פון דריטן יאָר האָט ער אָנגעהויבן צו פאַרשטיין אַ שטיקל משניות. אויפן סוף פון פערטן יאָר האָט ער אָנגעהויבן אָפּצודראַפּען, אַליין פאַר זיך, אַ שטיקל גמרא.

וואָס מער ער האָט פאַרשטאַנען אין לערנען אַלץ אַ גרעסערן חשק האָט ער געקראָגן צו גאָטס תורה. ער האָט ווייניק געגעסן און נאָך ווייניקער געשלאָפן. שפּעט נאָך האַלבער נאַכט ווען ער האָט דערפילט, אַז אים הויבן זיך אָן קלעפּן די אויגן, האָט ער גענומען אַ שטיקל ליכט, עס אַריינגעשטעקט צווישן דעם צייג־פינגער און מיטלסטן פינגער און עס אָנגעצונדן. נאָך דעם האָט ער אָנגעשפּאַרט דעם קאָפּ אויפן שטענדער און איינגעשלאָפן מיטן ברענענדיקן שטיקל ליכט צווישן די פינגער. ווען דאָס פייער האָט אַ ברי געטון די הויט פון די פינגער, האָט רפאל־יאָסל זיך אויפגעכאַפּט אַ דערפרישטער, ער האָט אָפּגעגאָסן נעגל־וואַסער

און זיך אומגעקערט צו זיין לערנען. זעלטן איז ער געשלאָפן מער ווי דריי האַלבע שעה אין מעת־לעת.

אין שטאָט האָט מען אָנגעהויבן רעדן, אַז רפאל־יאָסל איז אַ לאמעד־וואָווניק. אפילו די בעלי־בתים לומדים האָבן אָנגעהויבן דרך ארץ האָבן פאַר אים. זיי האָבן געשמועסט צווישן זיך:

— קיין חריף, קיין עוקר הרים איז ער נישט, אָבער אַ בקי איז ער. וואָס ער לערנט בלייבט ביי אים. ער איז אַ בור סיד שאינו מאבד טיפה — אַן אויסגעקלעפּטע גרוב, וואָס פאַרלירט נישט קיין טראָפּן.

ביסלעכווייז האָט מען אים אין די אויגן אָנגעהויבן רופן רבי רפאל־יאָסל, און אונטער די אויגן סתם רבי. רפאל־יאָסל האָט זיך געבעטן:

— יידן, וואָס ווילט איר פון מיר? וואָס פאַר אַ רבי בין איך? איך בין אַ פּראָסטער ייד, אַ שניידער, וואָס האָט זיך קוים מיט צרות אויסגעלערנט דורכקריכן אַ שטיקל גמרא. וואָס פאַר אַ רבי בין איך?

עס האָט נישט געהאָלפן. וואָס מער ער איז אַנטלאָפן פון כבוד אַלץ מער כבוד האָט מען אים אָפּגעגעבן. נישט נאָר האָט מען אים שוין גערופן סתם רבי, נאָר מען האָט אויך אָנגעהויבן וואַרטן אויף אים מיטן דאַווענען, געוואַרט ביז ער איז אויסגעגאַנגען שמונה־עשרה. געוועזן יידן, וואָס האָבן זיך נישט געוואָלט זעצן, ווען ער איז געשטאַנען. רפאל־יאָסל איז אַנטלאָפן פון גרויסן בית מדרש און האָט זיך אַריבערגעקליבן אין שניידערשן שטיבל, וואָס איז געשטאַנען ליידיק אַ גאַנצן טאָג.

די גאַנצע צייט, וואָס ער האָט געלערנט אין בית המדרש, פלעגן פרומע ווייבער פון שטאָט אים ברענגען אַלע טאָג אַ טעפּעלע וואַרעם געקעכץ און ברויט. קיין פלייש פלעגט ער נישט עסן אינמיטן וואָך. ווען ער האָט זיך אַריבערגעקליבן אין שניידערשן שטיבל, האָט אים זיין ווייב אָנגעהויבן ברענגען אַלע טאָג עסן. צוויי מאָל אַ טאָג פלעגט זי אים דערלאַנגען דאָס וואַרעמע עסן דורכן פענצטער און אַוועקגיין.

רפאל יאָסל האָט זיך אָנגעהויבן וווּנדערן פאַרוואָס זיין ווייב איז געוואָרן אַזוי פּלוצלינג גוט צו אים. ער האָט חוקר ודורש געווען און האָט אויסגעפונען אַז די שטאָט האָט אָנגעהויבן צאָלן זיין ווייב וואָכער, אַ געוויסע סומע יעדע וואָך. זי האָט געקראָגן פון קהל די קצבה יעדן

דאָנערשטיק. ווען ער האָט דערהערט האָט ער גענומען אַ בעזים אין האַנט און איז אַרויס אין גאַס און אָנגעהויבן אויפראַמען דאָס מיסט פון מאַרק.

די שטאָט באַלעבאַטים זענען געוואָרן פאַרציטערטע: דער צדיק רבי רפאל־יוסף אַ גאַסן קערער! אָבער רפאל־יאָסל האָט געענטפערט רואיק:

— מה רעש? איך וויל נישט עסן קיין אומזיסט ברויט.

די באַלעבאַטים האָבן מיט אים איינגעטענהט:

— פריער פלעגט מען דאָך אייך אויך ברענגען טעפּעלעך אין שול. מיט וואָס איז עס אַנדערש וואָס די שטאָט גיט אייך איצט יעדן דאָנערשטיק שכירות?

רפאל יאָסל האָט געענטפערט:

— ס׳קומט מיר נישט קיין שכירות. ס׳איז אַ מנהג בכל תפוצות ישראל צו געבן עסן ישיבה בחורים און פּרושים. ווען מען האָט מיר געבראַכט טעפּעלעך אין שול איז עס על פּי מנהג ישראל, אָבער קצבה גיט די שטאָט נאָר צו קראַנקע, חלושים, אָדער צו אנשים חשובים. איך בין חלילה נישט קיין חלוש און איך בין נישט קיין אדם חשוב.

די בעלי־בתים האָבן געטענהט מיט אים, אָבער רבי רפאל־יאָסל האָט זיך איינגעעקשנט און מען האָט אים געמוזט נאָכגעבן, אַ גאַנצע וואָך איז ער געזעסן און געלערנט, דאָנערשטיק פלעגט ער אַרויס רייניקן די גאַסן. ווינטער פלעגט ער אָפּקערן דעם שניי אַרום בית מדרש און אַרומהאַקן דעם אייז אַרום די ברונימער, אַזוי אַז יידישע טעכטער זאָלן נישט געניזוקט ווערן, ווען זיי גייען שעפּן וואַסער.

רפאל־יאָסל האָט געוואָלט זיצן אין שניידערשן שטיבל און לערנען. ער האָט דאָך אַזוי ליב געהאַט גאָטס תורה. אָבער מען האָט אים נישט געלאָזן. אין שטאָט איז שוין איצט געווען אָנגענומען אַז רפאל־יאָסל איז אַ צדיק און מען איז צו אים געקומען פון אַלע עקן שטאָט נאָך הילף. ער האָט זיך געבעטן רחמים:

— יידן, וואָס ווילט איר פון מיר? איך בין אַ פּראָסטער ייד, וואָס עס האָט אים גענומען צוואַנציק יאָר זיך אויסלערנען ווי דורכקריכן אַ שטיקל גמרא מיט רש״י און איר ווילט מופתים!

אָבער מען האָט אים נישט אָפּגעלאָזן. האָט ער אָנגעהויבן אַרויס־העלפן אויף זיין אייגענעם אופן אַלע אָרעמע, אומגליקלעכע, פאַרביטער־טע און עלנדע מענטשן. ער האָט זיך אַוועקגעלאָזן איבערן שטאָט, ווען מען האָט געדאַרפט און צונויפגעקליבן דאָס נויטיקע.

אין אָנהויב האָט ער נאָך צייט געהאַט אַ ביסל צו לערנען, אָבער ביסלעכווייז, ביסלעכוויז האָט אים דאָס עלנד פון שטאָט אינגאַנצן צוגע־נומען צו זיך.

אַ גאַנצן טאָג איז ער געווען אויף די פיס. איז ערגעץ ווו אין אַ פאַרוואָרפן שטיבל, אויפן עק שטאָט, עמיצער קראַנק געוואָרן איז שוין רבי רפאל־יאָסל דאָרט געווען. ווען מען האָט געדאַרפט איז ער געלאָפן אין אַפּטייק און געבראַכט די רפואה, געבראַכט עסן און אפילו גענעכ־טיקט ביים חולה.

ער איז די מייסטע צייט „געגאַנגען איבער די הייזער" פאַר זיינע אָרעמעלייט. אין שטאָט האָט מען זיך שוין צוגעוווינט צו רבי רפאל־יוספס נייעם וועג. קיינער האָט אים קיינמאָל נישט אָפּגעזאָגט. מען האָט קיינמאָל נישט געהאַט די העזה אים צו פרעגן פאַר וועמען און פאַרוואָס ער קלייבט די נדבות.

איינמאָל איז ער אַריין אין אַ רייך הויז ווו די געסט זענען געזעסן אַרום טישלעך און געשפּילט קאָרטן. ער איז צוגעגאַנגען צו אַ טישל, אויף וועלכן ס׳איז געלעגן אַ גאַנץ היפּשע קופּקע מיט זילבער און אונ־טערן זילבער אַ געלע אַסיגנאַציע. ער האָט געזאָגט צו די שפּילער:

— נו, קינדערלעך, איר שפּילט אין קאָרטן, שפּילט. אָבער דאָס קופּקעלע געלט וועט אפשר פּונקט זיין גענוג פאַר מיינער אַן אָרעמער קראַנקער קימפּעטאָרין. טאָמער נישט, זע איך אַז עס זענען דאָ נאָך טישלעך.

ער האָט אויסגעשטרעקט די האַנט צו נעמען דאָס געלט. די שפּילער זענען געווען אַזוי פאַרקאָכט אין שפּיל אַז קיינער האָט נישט געהערט וואָס רבי יאָסל האָט געזאָגט. ווען ער האָט צונויפגעשאַרט דאָס געלט איז איינער פון די שפּילער אַריין אין אַזאַ כעס אַז ער איז אויפגעשפּרונגען און אַראָפּגעלאָזן אַ הילכיקן פּאַטש דעם אַלטן רבין.

## שלמה סיימאָן

רבי רפאל־יאָסלס באַק איז אויפגעלאָפן פון פּאַטש. דער אַלטער האָט אַ קוק געטון אויף דעם צעהיצטן, צעטומלטן שפּילער און געזאָגט:

— נו, זון מיינער, דאָס האָסטו מיר געגעבן פאַר מיין כאַפּן געלט. וויפל אָבער וועסטו געבן פאַר דער קימפּעטאָרין?

דער יונגערמאַן איז געוואָרן בלייך, זיך אַראָפּגעלאָזן אויף דער שטול, וואָס ער האָט אָפּגערוקט ווען ער איז אויפגעשפּרונגען, און האָט זיך צעוויינט. די שפּילער האָבן אַוועקגעגעבן צו רבי רפאל יאָסלען דאָס געלט, וואָס איז געלעגן אויפן טישל, און דער יונגערמאַן האָט אויסגע־לײדיקט זיין בייטעלע און אַוועקגעגעבן זיין גאַנץ געלט צו דעם אַלטן.

אָרעם און רייך זענען צו אים געקומען נאָך אַן עצה, נאָך הילף. אפילו תלמוד תורה קינדער פלעגן קומען צו אים מיט זייערע צרות. איינמאָל אַ שבת פאַלט אַריין צו אים אַ וויינענדיק יינגל, אַ תלמוד תורה יינגל.

וואָס איז?

ער עסט שבת ביי אַ גביר. האָט ער מורא אַהין צו גיין. אַ גרויסער הונט איז דאָרט שטענדיק אין הויף. רבי רפאל־יאָסל האָט גענומען דאָס יינגל ביי דער האַנט און אים צוגעפירט צום גבירס הויז. נאָכדעם האָט ער זיך אַוועקגעזעצט אויף דער באַנק לעבן פּלויט פון דעם גבירס הויז און געוואַרט ביז דאָס יינגל האָט אָפּגעגעסן וואַרעמס.

קיין זאַך איז פאַר אים נישט געווען צו שווער כדי אַרויסצוהעלפן אַ נויטבאַדערפטיקן. איינמאָל אין אַ רעגנדיקער, קאַלטער נאַכט איז חיים בעל עגלה געפאָרן פון באַן סטאַנציע, זעט ער אויפן שליאַך גייט רבי רפאל אַן איינגעבויגענער, אַ נאַסער; טאַפּטשעט אין בלאָטע און טראָגט עפּעס אונטער דער פאָלע פון ווינטערדיקן מאַנטל. חיים דער בעל עגלה האָט אים אַרויפגענומען אויפן וואָגן, אַוועקגעזעצט אין בויד, אים גוט איינגעדעקט און געפרעגט:

— רבי, וואָס האַלט איר אונטער דער פאָלע?

רפאל־יאָסל האָט געענטפערט:

— אַ הינטעלע.

— אַ וואָס? — האָט דער בעל עגלה אַ פרעג געטון אַ צעטומלטער.

— אַ הינטעלע, חיים — האָט געענטפערט רבי רפאל־יאָסל. פאַר־שטייט מיך, מיכל דעם טרעגערס וייב, האָט זיך געלייגט אין קימפעט און דאָס מילך אין ברוסט איז פאַרלייגט געוואָרן, פאַר קיין יידן נישט געדאַכט. דאַרף מען אַ הינטל זאָל אָפּזויגן די פאַרלעגענע מילך. בין איך אַוועק אין דאָרף צו מיינעם אַ באַקאַנטן גוי און ביי אים געקראָגן אַ צוויי טאָגיק הינטל. טראָג איך דאָס הינטעלע צו דער קימפעטאָרין.

די שטאָט האָט שוין לאַנג פאַרגעסן, אַז רבי רפאל־יאָסל איז אַמאָל געווען אַ שניידער יונג. אין די אויגן האָט מען אים גערופן „רבי". ער האָט זיך שוין צוגעוווינט צו דעם. אונטער די אויגן האָט מען אים גערופן „דער צדיק". די גאַנצע שטאָט האָט אים געקענט און ער האָט יעדן איינעם געקענט ביים נאָמען. יונג און אַלט, אָרעם און רייך, האָבן פאַר אים געהאַט דרך ארץ און יראת הכבוד. ווען ער איז דורכגעגאַנגען דעם מאַרק האָט אים יעדער איינער אונטערגעטראָגן דעם „שיינעם גאָט־העלף". האָבן זיך צוויי קרעמער געקריגט און דערזען פון דער וויטן רבי רפאל־יאָסלען האָבן זיי זיך אויפגעהערט צו קריגן. האָבן זיך יינגלעך געשלאָגן און רבי רפאל־יאָסל איז אָנגעקומען האָבן די ווייסע חברה־ניקעס אָפּגעשטעלט דאָס געשלעג. אפילו ווען די גאַסן יינגלעך האָבן נאָכגעיאָגט דעם שטאָט־משוגענעם זענען זיי זיך צעלאָפן ווען רבי רפאל־יאָסל האָט זיך באַוויזן.

זיין רייניקן דעם מאַרק האָט ער נישט אויפגעגעבן, זיין אַכטונג געבן ווינטער אויף די ברונימער האָט ער אָנגעהאַלטן. אויף דער עלטער פלעגט ער נאָך דערצו פרייטיק פאַרנאַכט אַרויס אין מאַרק און אויס־רופן:

— יידן, מאַכט צו די קראָמען! דער הייליקער שבת קומט אָן! אַלע האָבן געפאָלגט.

דאָס שניידער שטיבל, וווּ רבי רפאל־יאָסל האָט זיך אויפגעהאַלטן, האָט מען שוין גערופן רבי רפאל יוספס קלויז. וווּ אַן עלנדער, אַן אומ־גליקלעכער, אַ קראַנקער איז געקומען צו אים זוכן טרייסט און הילף. קיינער איז נישט אַוועק מיט ליידיקן.

## שלמה סיימאָן

רבי רפאל־יאָסל איז געשטאָרבן אַלט און זאַט מיט יאָרן. ער איז אַלט געווען קרוב אַכציק יאָר ווען ער איז נפטר געוואָרן. ער האָט אָנגעזאָגט, אַז אויף זיין מצבה זאָל מען נישט אָנשרייבן קיין שבחים און קיין מורנוס און רבנוס, מען זאָל אויסקריצן אויף דער מצבה בלויז זיין אַמאָליקן שניידערשן נאָמען. אַזוי פּראָסט: דאָ ליגט רפאל־יאָסל.

מען האָט אויסגעפירט זיין צוואה. מען האָט אָנגעשריבן אויף דער מצבה בלויז פיר ווערטער אויף לשון קודש:

פה נקבר רפאל־יאָסל.

# אַן אָפּמאַך אויף לשון קודש

בן־ציון שוסטער איז געווען אַ קבצן אין זיבן פאָלעס. ער איז געווען נישט קיין שלעכטער שוסטער, אָבער נאָר פאַר פּויערשע שטיוול. צו געהויבענע, היינט־מאָדישע שיך האָט ער זיך נישט געקענט צורירן. דערפאַר איז ער געווען אַ דאָרפס־גייער, געאַרבעט אין די דערפער פאַר די פּויערים. אַרבעטן האָט ער געאַרבעט בלויז ווינטער. זומער זענען פּויערים געווען פאַרנומען אויף די פעלדער. פרילינג צייט פלעגן שוין די פּויערים אויפעסן זייער אָפּגעשפּאָרטע תבואה פון דעם יאָר. פלעגט בן־ציון אַרבעטן בלויז אַ זעקס חדשים אין יאָר און זומער איז ביי אים געווען די ערגסטע צייט. אַ גליק נאָך וואָס דאָס ווייב האָט אָנגעפירט מיט אַ בעקעריי און פלעגט פאַרדינען אויף טרוקן ברויט פאַר די אַכט קינ־דער. אָבער אפילו ברויט צו זאַט איז נישט געווען.

זאַוול ליטוואַק איז געווען דער רייכסטער ייד פון שטעטל, אויך אַ גרויסער בעל־יחוס און דער גרעסטער למדן. לייט האָבן געזאָגט, אַז זיין גוטער קאָפּ טויג צום לערנען און צו מסחר. ער האָט געהאַט אַ סך גע־שעפטן אָבער זיין הויפּט־מסחר איז געווען מיט טאַנדעט: פאַרטיקע קליי־דער און שיך. ער פלעגט מאַכן באַשטעלונגען ביי שוסטערס אויף הונ־דערטער פאָר שיך, שטיוול, און ביי שניידערס אויף הונדערטער גאַרני־טערס. ער פלעגט צושטעלן די רויע סחורה און צאָלן אַזוי פיל און אַזוי פיל פאַר דער אַרבעט צום שניידער אָדער שוסטער באַלעבאָס. באַלד נאָך סוכות פלעגט ער זיך אַוועקלאָזן אויף די גרויסע יאַרידן מיט צענדליי־קער וועגענער אָנגעפּאַקטע מיט פאַרטיקע קליידער און שיך.

## שלמה סיימאָן

איינמאָל אַ נאָך פּסח קומט זאַוול דער גביר צו בן־ציון דעם שוסטער און זאָגט צו אים:

— איך ווייס דו האָסט קיינמאָל נישט באַשעפטיקט קיין פּועלים, אַלעמאָל אַרבעטסטו אַליין אָן אַרבעטער אויף די דערפער. מסתמא ווייסטו נישט ווי צו אָנפירן מיט אַ וואַרשטאַט. אָבער וואָס פאַר אַ תורה שטעקט אין דעם? אַ גרויסע שטוב האָסטו, אַ ירושה פון דיין טאַטן, נעם אַריין פיר בענקלעך, זעץ אַוועק פיר פועלים און פיר אָן מיט אַ וואַרשטאַט. רימען (לעדער) פּאָדעשוועס, דראַטווע, פלעקלעך און אַלץ וואָס מען באַדאַרף אויף צו נייען פויערשע שטיוול וועל איך דיר צושטעלן, אפילו קאַפּולעס. איך צאָל דיר פאַר דער אַרבעט פון אַ פּאָר שטיוול וויפל איך צאָל די אַנדערע שוסטער; איז עפן אַ וואַרשטאַט ביי דיר אין שטוב און האָב פּרנסה.

בן־ציון דער שוסטער האָט זיך דערפרייט — עפּעס אַ קלייניקייט נישט אַרומגיין אַ זומער לידיק!

זאַוול דער גביר האָט אַרויסגערעדט ברייט:

— נו, איז נישט געבאַלעמוטשעט, בן־ציון, אָט האָסטו אַ פּופּציקער און נעם זיך צו דער אַרבעט. דו ביסט דאָך אַן ערלעכער ייד און איך פאַרלאָז זיך אויף דיר. איך געטרוי דיר. אָבער דו זאָלסט וויסן אַז געשעפט איז געשעפט. עס פירט זיך ביי מיר, אַז יעדער בעלי־מלאכה וואָס נעמט אָן אַרבעט ביי מיר שרייבט אונטער אַן אָפּמאַך, אַ קאָנטראַקט. איך זאָג דיר פאַראויס, וואָס עס שטייט אין אָפּמאַך: אויב דו פירסט נישט אויס דעם אָפּרייד ווי עס באַדאַרף צו זיין פאַרלירסטו הונדערט רובל. ווילסטו איך זאָל לייענען פאַר דיר דעם אָפּמאַך?

בן־ציון שוסטער האָט אַ לאַך געטון אונטערטעניק:

— איך פאַרלאָז זיך אויף אייך, רבי זאַוול, וואָס איר וועט מיך אָפּנאַרן? און דער אָפּמאַך איז נאָך געשריבן אויף לשון קודש מיט אַ שיינעם כתב, געדיכט, מיט קליינע ווערטער. ווער קען עס לייענען און פאַרשטיין? איך פאַרלאָז זיך אויף אייך, רבי זאַוול. און איך וועל אויספירן אונדזער אָפּמאַך ווי מיר האָבן אָפּגערעדט.

— נו, גוט, חתמע אונטער און נעם זיך צו דער אַרבעט — האָט דער גביר געזאָגט גרויסמוטיק. אָבער געדענק! דו דאַרפסט צושטעלן צוויי הונדערט פּאָר שטיוול.

בן־ציון שוסטער האָט אונטערגעחתמעט.

*
**

אַ גאַנצן זומער האָט בן־ציון געאַרבעט מיט פיר פּועלים. ער און די געדונגענע אַרבעטער האָבן געאַרבעט שווער פון זונאויפגאַנג ביז דער פינצטער. אָבער קיין גליקן האָט בן־ציון נישט אויסגעמאַכט. סוף וואָך, ווען ער פלעגט זיך אָפּרעכענען מיט די אַרבעטער, איז אים אַליין געבליבן פאַר דער וואָך אַרבעט נאָך ווינציקער ווי ער האָט פאַרדינט ביי די פּויערים אין דאָרף ווינטער צייט.

— אויסגערעכנט צום גראָשן — פלעגט בן־ציון שוסטער טראַכטן — אַ ייד אַ למדן האָט אַן אייזערנעם קאָפּ און קען רעכענען. אָבער פונדעסט־וועגן האָט אַזאַ שיינער ייד געמעגט האָבן אַ בעסער הארץ, געדאַרפט אויסרעכענען אַז אַ ייד אַ בעל־מלאכה דאַרף אויך לעבן.

אָבער קיין פאַרדרוס האָט דער שוסטער נישט געטראָגן אויף דעם גביר. סוף כל סוף האָט בן־ציון מיט דעם צוגאָב־פאַרדינסט פון זיין וויבס בעקעריי געהאַט אַ גוטן זומער.

סוף זומער, אלול צייט, איז געקומען רבי זאַוול צו בן־ציונען און געזאָגט:

— נו, היינט איז דער לעצטער טאָג. מיר דאַרפן זיך אָפּרעכענען. אָבער דו ווייסט? דו האָסט נישט געמאַכט קיין פולע צוויי הונדערט פּאָר שטיוול, ווי מיר האָבן אָפּגערעדט, דו האָסט צוגעשטעלט בלויז הונדערט און פינף און ניינציק פּאָר.

בן־ציון האָט געענטפערט מיט אַ זיפץ:

— איר ווייסט דאָך, אַז ביי ברוך דעם פּועל, האָט מיט אַ חודש צוריק אָנגעריסן אַ פינגער ווי אַ באַרג. נעבעך נישט געאַרבעט אַ גאַנצע וואָך.

רבי זאַוול האָט געענטפערט שטרענג און בייז:

— דאָס איז נישט מיין עסק. עס פעלן פינף פאַר שטיוול. אין אָפּ־מאַך שטייט בפירוש, אַז דו דאַרפסט צושטעלן פולע צוויי הונדערט פאַר שטיוול.

דער שוסטער האָט זיך פאַרענטפערט:

— וואָסי, חלילה, איך וויל איר זאָלט מיר באַצאָלן פאַר די פינף פאָר שטיוול?

רבי זאַוול האָט גערעדט שפּאָטיש:

— אַזוי, נאָך באַצאָלן דיר? זאָלסט וויסן אַז לויט אונדזער אָפּמאַך פאַרלירסטו הונדערט רובל פאַר נישט אויספילן דיין צוזאָג.

בן־ציון דער שוסטער איז געוואָרן בלייך ווי קאַלך:

— איר קוילעט דאָך מיך אָן אַ מעסער. ס׳כאַפּט דאָך אויס פינף רובל אַ וואָך. וויפל האָב איך ביי אייך פאַרדינט מ׳שטיינס געזאָגט? איר, אַ פרומער ייד, וועט דאָך נישט וועלן באַגזלענען אַ יידן אַ בעל־מלאכה.

רבי זאַוול האָט שוין געענטפערט מיט כעס:

— מישט נישט קיין פרומקייט מיט שוסטעריי. געשעפט איז געשעפט און אַן אָפּמאַך איז אַן אָפּמאַך.

בן־ציון דער שוסטער איז שוין אויך געוואָרן בייז:

— די וועלט איז נישט הפקר. ס׳איז נאָך דאָ אַ רב אין שטאָט. איך רוף אייך אויף אַ דין־תורה.

זיי זענען געקומען צום רב אויף דער דין־תורה און ביידע צדדים האָבן אויסגעלייגט זייערע טענות. בן־ציון דער שוסטער האָט גערעדט צום ערשט:

— רבי, ר׳ זאַוול האָט מיר געזאָגט: עס פירט זיך ביי מיר, אַז יעדער בעל־מלאכה, וואָס נעמט אָן אַרבעט ביי מיר שרייבט אונטער אַן אָפּמאַך, איך זאָג דיר פאָראויס וואָס עס שטייט אין אים: אויב מען פירט נישט אויס דעם אָפּרייד ווי עס באַדאַרף צו זיין פאַרלירט דער בעל־מלאכה הונדערט רובל. ס׳איז אַזאַ קנס — אַ שטראָף.

— נו, רבי, רעדט בן־ציון, האָב איך געמיינט: וואָס מיינט נישט אויספירן דעם אָפּרייד? נייען די שטיוול נישט ווי עס באַדאַרפט צו זייז־

אין שטיוול קלענער, דער אַנדערער גרעסער. גנבענען רימען, אָדער פאַר־דעשוועס. אָפּנאַרן אין געניי. און איך זאָג אייך, רבי, איך האָב אויסגע־אַרבעט שטיוול אַז מען קען זיי אויסשטעלן אויף אַ „וויסטאַווקע" — אויסשטעלונג. פעלן פינף פּאָר שטיוול, איז וואָס פאַר אַן אומגליק איז עס? זאָל ער מיר לאָזן נייען נאָך צוויי, דריי טעג וועל איך און מיינע פּועלים פאַרטיק מאַכן די פינף פּאָר שטיוול.

רבי זאַוול האָט נישט געטענהט קיין סך צום רב:

— נאַט, רבי, אָט איז דער אָפּמאַך. לייענט.

דער גביר רבי זאַוול האָט דערלאַנגט דעם רב אַ לאַנגן בויגן פּאַ־פּיר פאַרשריבן געדיכט און אונטן זענען געווען צוויי חתימות: רבי זאַוולס און בן־ציונס.

דער רב האָט פּאָרזיכטיק איבערגעלייענט דעם אָפּמאַך און אַ קער געטון זיך צו רבי זאַוול:

— איר וויסט רבי זאַוול? איר שרייבט זייער שיין לשון קודש. און דאָס לשון איז געמישט מיט פיינע גמרא מאמרים.

רבי זאַוול איז געוואָרן לענגער און ברייטער און געענטפערט כלומרשט עניוותדיק:

— איר וויסט דאָך, רבי, מען קוקט אַמאָל אַריין אין אַ ספר.

בן־ציון דעם שוסטער איז נישט געפעלן געווען דער שמועס צווישן דעם רב און דעם גביר. עפּעס רעדט דער רב צו רבי זאַוולען מיט צופיל יראת הכבוד. אָבער באַלד האָט דער רב זיך אַ קער געטון צו רבי זאַוולען, אַ זיפץ געטון און געזאָגט:

— יאָ, רבי זאַוול, איר שרייבט שיין, ווי, אַ ייד אַ בר אורין, אַ משכיל, אַ למדן — אָבער זאָגט נאָר מיר, פאַרוואָס האָט איר געשריבן דעם אָפּמאַך אויף לשון קודש?

— וואָס הייסט, רבי, האָט זיך געוואונדערט רבי זאַוול, אויף וואָס פאַר אַ לשון זאָל אַ ייד שרייבן אַן אָפּמאַך? אויף רוסיש?

— חלילה האָט געענטפערט דער רב. נישט אויף רוסיש. פּראָסט אויף יידיש. בן־ציון איז אַ ייד אַ בעל־מלאכה, וואָס קען קוים מיט צרות אָפּדראָפּען אַ שטיקל חומש מיט רש"י, שרייבט איר אָן אַן אָפּמאַך אויף

## שלמה סיימאָן

אַ לשון וואָס נאָר למדנים קענען פאַרשטיין. איך האָב אַ חשד, אַז איר האָט געוואָלט אָפּנאַרן רבי בן־ציונען על פּי דין. איז הערט זשע.

דער רב האָט זיך אויפגעשטעלט אויף אַ ווײַלע, גענומען אַ שמעק טאַבאַק און ווייטער גערעדט:

— איז הערט זשע מײַן פּסק דין. איר, רבי זאַוול, דאַרפט באַצאָלן רבי בן־ציונען וואָס עס קומט אים פאַר הונדערט און פינף און נײַנציק פאָר שטיוול. אייך קנסן איך מיט פינף און צוואנציק רובל אויף דער תלמוד תורה פאַר פאַרשאַפן אַן אָרעמען ייד צער און שרעק.

אין יענע צײַטן האָט מען געפאָלגט דעם רב. רבי זאַוול האָט באַצאָלט.

# אורחים אויף שבת

ר׳ שמואל איז געווען אַ ישובניק, אַ דאָרפס־ייד, אָבער ער איז געווען אַ פרומער ייד און אַ גרויסער למדן. ער איז געווען גאַנץ רייך, ער האָט פאַרמאָגט אַ גרויסע מיל, אַ סך בהמות און פערד, געהאַלטן די שענק און געווען דער באַלעבאָס פון וועלדער און פעלדער. ער איז געווען פאַר־נומען מיט זיינע געשעפטן אַ גאַנצן טאָג. אָבער אין די נעכט האָט ער געלערנט.

ער האָט געלעבט גביריש, געהאַט אַלץ וואָס אַ מענטש האָט גע־דאַרפט אויף אַלע אויסקומעניש און נאָך מער. אָבער אים איז נישט איינגעגאַנגען דאָס רייכע לעבן אין דאָרף. ער האָט געבענקט נאָך יידן. געגאַרט צו זיין אין שטאָט ווו מען דאַווענט אַלע טאָג מיט אַ מנין און ס׳איז דאָ אַ חברה ש״ס און עס זענען דאָרט פאַראַן יידן למדנים מיט וועמען מען קען זיך אַמפּערן אין תורה.

איבערהויפּט האָט ער געהאַט צער פון די שבתים אין דאָרף. נאָר אָפט איז ער געזעסן ביים טיש אָן אַן אורח אויף שבת. דאָס דאָרף איז געווען אַ פאַרוואָרפנס און עס פלעגן ווייניק יידן פאַרבייפאָרן און זעלטן ווען אַ ייד האָט זיך געוואָלט אָפּשטעלן ביי רב שמואלן אויף שבת, ווייל אין דאָרף זענען נישט געווען גענוג יידן אויף אַ מנין. נו, שבת אָן אַן אורח איז קיין שבת נישט.

טרעפט איינמאָל אין אַ ווינטערדיקן פרייטיק, פאָרן דורך פיר יידי־שע סוחרים און שטעלן זיך אָפּ אין קרעטשמע אַנצוואַרעמען זיך און

איבערכאַפּן דאָס האַרץ. דערזעט זיי רב שמואל און הויבט זיך אָן בעטן ביי זיי:

— יידן, בלייבט דאָ אויף שבת. אין שטוב ביי מיר איז דאָ פון שענסטן און בעסטן. מיט אייך וועלן מיר האָבן אַ מנין. שוין וואָכן אַז איך האָב נישט געדאַוונט מיט אַ מנין. טוט מיר די טובה און בלייבט דאָ אויף שבת.

אָבער די יידן ווילן נישט הערן פון בלייבן אין דאָרף אויף שבת. זיי האָבן אַ פיינעם פערד־געשפּאַן און זיי קענען גרינג אָנקומען באַ־צייטנס אין שטאָט, ווו עס איז דאָ אַ שול, אַ חזן און יידן לערנערס.

זיי האָבן אויף שנעל אָפּגעגעסן, איינגעשפּאַנט די פערד און זיך געלאָזן אין וועג. זיי זענען אָפּגעפאָרן אַ שיינע פּאָר וויאָרסטן און עס צע־ברעכט זיך ביי זיי אַן אַקס און זיי בלייבן שטעקן אין וועג. אַ גליק וואָס אַ פויער איז אָנגעפאָרן. זיי האָבן אים געשיקט מיט אַ צעטעלע צו דער קרעטשמע, צו רב שמואלן. ער האָט באַלד אַרויסגעשיקט עטלעכע פּוי־ערים און מען האָט נאָך לאַנגע מאַטערנישן געבראַכט די סוחרים מיטן וואָגן צוריק אין קרעטשמע. ס'איז שוין געוואָרן שפּעט און די סוחרים האָבן געמוזט בלייבן ביי רב שמואלן אויף שבת.

איידער ס'איז געוואָרן פינצטער רופט זיך אָן רב שמואל צו די סוחרים:

— איר זאָלט וויסן, יידן, אַז איך האָב ליב אורחים אויף שבת, אָבער איך רעכן דריי רובל אַן אורח אויף שבת.

— וואָס? — האָבן די סוחרים אויסגערופן מיט פּאַרדרוס, דריי רובל! דאָס איז דאָך גזלה. ווער האָט עס אַזוינס געהערט? דערפאַר זענט איר געוועזן אַזוי להוט אַז מיר זאָלן בלייבן אויף שבת? איר האָט געוואָלט כאַפּן אַ פעטן פאַרדינסטל. איז וויפל זשע וועט איר אונדז רעכענען פאַר פאַרריכטן די אַקס?

רב שמואל האָט געענטפערט רואיק:

— וועגן דער אַקס וועלן מיר זיך דינגען מוצאי שבת. אָבער, איך זאָג אייך, באַרואיקט אייך, ווייל עס וועט אייך נישט העלפן. עס וועט קאָסטן יעדן איינעם אַ דרייערל היינטיקער שבת. דערפאַר אָבער מעגט איר עסן וויפל איר ווילט, טרינקען וויין פון שענסטן און בעסטן, אויך

בראַנפן. איך רעכן אייך אַביסל טייערער ווי עמיצער אַנדערש וואָלט גערעכנט אָבער אַ שבת און אַ מלווה מלכה וועט איר האָבן כיד המלך.

די סוחרים האָבן געשוויגן. וואָס האָבן זיי געקענט טון? ס'איז גע־וואָרן צו שפּעט אָפּצופאָרן.

מען האָט געדאַווענט מיט אַ מנין און די אורחים האָבן געהאַט אַ שבת — אַן אמתן קעניגלעכן שבת. מען האָט דערלאַנגט שמעקעדיקע פיש, טייערע פליישן, פעט איינגעפּרעגלטע קוגלען און שנאַפּס און וויינען. אַלץ מיט דער ברייטער האַנט, אַט ווי אויף אַ גבירישער חתונה. און דער באַלעבאָס האָט זיך געבעטן:

— נעמט נאָך אַ שטיקל פיש, עסט נאָך אַ פּיצל פלייש, נו, פאַרזוכט אַט דעם ווייַן. וואָס לאָזט איר איבער פון קוגל? אפשר ווילט איר אַן אַנדער קוגל מיט ראָזשינקעס?

די סוחרים האָבן זיך נישט געלאָזן בעטן. זיי האָבן זיך געלאָזן וווויל־גיין. נישקשה דער ישובניק, דער חזיר, רעכנט זיי גענוג טייער. דאָך האָבן זיי זיך גאַנץ שטאַרק געוווּנדערט: דער דאָרפס־ייִד איז אַ היפּשער למדן, ווי פּאַסט עס פאַר אַ ייִד אַ למדן צו רעכענען יידן פאַר שבת? אָבער, האָבן זיי געטראַכט, אַ ישובניק בלייבט אַ ישובניק.

שבת צונאַכט איז געווען אַ שיינע מלווה מלכה. נאָך דער מלווה מלכה הייבן זיך די סוחרים אָן צו גרייטן זיך אין וועג. די אַקס איז פאַר־ריכט. שפּאַנט מען פערד און וואָגן. נעמען אַרויס די סוחרים די טייס־טערס מיט געלט, יעדער איינער לייגט אַוועק אַ דריי רובלדיקע אַסיגנאַ־ציע אויפן טיש און זיי פרעגן רב שמואלן וויפל עס קומט אים פאַר פאַרריכטן די אַקס.

רב שמואל רויכערט זיין ליולקע און שמייכלט:

— יידן, לייגט אַריין דאָס געלט צוריק אין די טייסטערס, הכנסת אורחים איז אַ גרויסע מצווה, וואָס מיינט איר, איך וועל אייך פאַרקויפן די מצווה פון צו האָבן אורחים אויף שבת? איר האָט באַשייגט מ״ין טיש און איך דאַרף נאָך אייך צוצאָלן?!

די יידן האָבן אָנגעקוקט פאַרחידושט און געפרעגט:

— איז ווו איז געווען דער שכל אונדז צו זאָגן ערב שבת, אַז איר וועט אונדז רעכענען דריי רובל אַ מענטשן?

— פאַרשטייט מיך — האָט רב שמואל געענטפערט, איך האָב גע־וואָלט איר זאָלט עסן און טרינקען און הנאה האָבן פון שבת און נישט טראַכטן חלילה אַז איר עסט מיר אָפּ דעם קאָפּ. איר האָט דאָך געמיינט אַז איר צאָלט צו דריי רובל אַ מענטשן, האָט איר געקענט באמת הנאה האָבן פון שבת.

ער האָט זיך אויף אַ ווײַלע אָפּגעשטעלט און ווייטער גערעדט:

— איין זאַך בעט איך אייך, זאָגט מיר צו אַז מהיום והלאה — פון היינט אָן און ווייטער, אויב איר וועט אַמאָל קומען אין אַ דאָרף פּרייטיק, יאָגט זיך נישט צו פאָרן אין שטאָט. בלייבט ביים ישובניק אויף שבת. ווי אָפט האָט אַ ישובניק אַן אורח אויף שבת? פאַרשעמט אונדז נישט, ישובניקעס זענען אויך יידן.

זיי האָבן צוגעזאָגט.

# די דינסט

ר׳ חיים־זוסיע גאמזע איז געווען אַ שיינער ייד, אַ למדן, אַ שטיקל בעל־מקובל און דער באַלעבאָס פון דער גרעסטער מאַנופאַקטור־קראָם אין שטעטל. זיין ווייב איז געווען די אשת חיל, אָנגעפירט מיט דער קראָם, מיט דער גרויסער שטוב און רב חיים־זוסיע איז געזעסן און געלערנט. אָבער רב חיים־זוסיע איז נישט געווען קיין שלימזלניק אַ ייד. איינקויפן סחורה פאַר דער קראָם און אונטערשרייבן די וועקסלען פלעגט ער, נישט דאָס ווייב. צוויי מאָל אַ יאָר איז ער געפאָרן אין דער גרויסער שטאָט צו קויפן סחורה פאַר דער קראָם. געבראַכט די סחורה, אַוועקגעלייגט זי אין קראָם און זיך געזעצט לערנען. ער פלעגט זאָגן: קויפן סחורה הורטאָם, אין דעם ליגט נאָך אַ ביסל חכמה, אָבער פאַרקויפן סיך אויפן מעטער, אויף דעם אַרשין, דאָס איז אַ נאַרישע מלאכה. ס׳איז אַן עסק פאַר ווייבער.

דאָס ווייב בתיה האָט געהאַט גרויס דרך ארץ פאַר איר מאַן. זי האָט געהאַלטן פון זיין לערנען, פון זיין גראָדן שכל און פון זיין סוחרישן קאָפּ. זי האָט אַלעמאָל איבערגערעדט:

— אַ מענטש זיצט און לערנט יום ולילה, שטענדיק די נאָז אין אַ ספר. דאָך, אַז עס קומט צו איינקויפן מאַנופאַקטור ווייסט ער וואָס: ווייסט, וועלכע גראָדן סחורה, וועלכע מוסטערן, וועלכע מאָדעס. נאָר אַ ייד אַ למדן, אַ שאַרפער קאָפּ מיט שכל, קען האָבן אַזאַ טביעת־עין.

יאָרן זענען אַוועק. זיי האָבן געלעבט זייער שיין צווישן זיך. קיינמאָל נישט אויפגעהויבן קיין קול איינער אויף דעם אַנדערן. אָבער לעצטנס

האָט זיך אָנגעהויבן טרעפן, אַז מאַן און ווייב האָבן זיך שאַרף איבערגע־רעדט. און אַלץ צוליב דער דינסט.

אין שטוב האָט געדינט ביי זיי אַן אָרעמע קרובה. רחל איז געווען איר נאָמען. זי איז אָנגעקומען צו זיי, ווען זי איז אַלט געווען אַ יאָר פערצן. בתיהס אַ וויטע קרובה איז געשטאָרבן און איבערגעלאָזן אַ מיידל פון אַ יאָר צוועלף. דער טאַטע אירער, ווי דער שטייגער פון מענער, האָט חתונה געהאַט איידער דאָס יאָר איז אַריבער. צו ניין חדשים האָט די שטיפמאַמע געהאַט אַ יינגעלע. רחל איז געוואָרן אַן איבעריקע אין שטוב. בתיה חיים־זוסיעס האָט שוין נישט געקענט צוזען דעם צער פון דער יתומה און זי אַריינגענומען צו זיך אין הויז.

צום ערשט האָט רחל אַ ביסל אַרויסגעהאָלפן דער מומען, אַזוי האָט די יתומה גערופן בתיהן. ביסלעכווייז, ביסלעכווייז, עפּעס פון זיך אַליין, האָט רחל איבערגענומען די גאַנצע באַלעבאַטישקייט: זי האָט גערייניקט די שטוב, געשייערט די מעשענע און קופּערנע כלים, געפּוצט דאָס זיל־בער, געוואַשן, געפּרעסט, געקאָכט, געגרייט צום טיש און דערלאַנגט דאָס עסן און אויפגערוימט נאָכן עסן.

אין אַ שיינעם טאָג טוט חיים־זוסיע אַ זאָג צום ווייב:

— זאָג נאָר מיר, בתיה, וויפל צאָלסטו רחלען אַ יאָר?

בתיה האָט אויף אים אויסגעשטעלט אַ פּאָר אויגן און געפרעגט פאַר־וווּנדערט:

— וואָס מיינסטו, וויפל צאָל איך איר? זי איז דאָך ווי אַן אייגן קינד אין הויז. זי קריגט עסן, טרינקען, אַ שוך, אַ קלייד און אַ באַזונדער חדר. אם ירצה השם, אַז עס וועט זיך טרעפן אַ פּאַסיקער שידוך פאַר איר, וועט זי קריגן נדן, אויסשטייער און מיר וועלן מאַכן אַ חתונה ווי עס פּאַסט פאַר אַ באַלעבאַטיש קינד.

רב חיים־זוסיע האָט געדרייט נישט צופרידן מיטן קאָפּ:

— אַזוי? זי איז ביי דיר ווי אַן אייגן קינד! דו רעדסט דברים בטלים, מיין ווייב. אויך דיינע אייגענע טעכטער אַרבעטן ביי דיר טאָג און נאַכט פאַר אַ שטיקל ברויט, אַ שוך, אַ קלייד און אַ דאַך איבערן קאָפּ? אַ שוך, אַ קלייד, ברויט צום זאַט און אַ דאַך איבערן קאָפּ קומט איר ווי אַ יתומה. אָבער דיינע טעכטער שאַפן זיך מיט איר ווי מיט אַ שפחה כנענית.

אַן אייגן קינד — האָט ר׳ חיים־זוסיע אַ מאַך געטון מיט דער האַנט — דערוויל האָב איך נאָך נישט געזען אַז דיין עלטסטע טאָכטער בריינדל, אָדער דיין יינגסטע טאָכטער שיינדל, זאָל דערלאַנגען רחלען אַ גלאָז טיי מיט איינגעמאַכטס.

בתיה האָט שוין געענטפערט בייז:

— בריינדל און שיינדל זענען דיינע טעכטער פונקט ווי מיינע. איך באַנעם נישט דיינע רייד, מאַן מיינער.

— אוודאי באַנעמסטו נישט מיינע רייד, ווייב מיינע, — האָט גע־ענטפערט ר׳ חיים־זוסיע אויך מיט רוגזה — דו האָסט זיך אַזוי אַריינ־געלאָזן אין גזלה, אַז דו ווייסט אפילו נישט אַז דו באַגייסט אַ חטא, אַ גרויסע עבירה קעגן גאָט. דו באַגזלסט אַן אָרעמע יתומה.

בתיה האָט שטאַרק פאַרדראָסן די האַרבע רייד, וואָס איר מאַן האָט צו איר גערעדט. זי האָט זיך אָבער נישט געוואָלט קריגן מיט אים, האָט זי געשוויגן. אָבער ר׳ חיים־זוסיע האָט נישט אָפּגעלאָזן. ער איז באַ־שטאַנען, אַז אויב בתיה צאָלט נישט קיין אָנגענומענע שכירות צו רחלען און איז איר נישט מהנה פאַר די צוויי יאָר, וואָס זי האָט געאַרבעט אין שטוב, וועט ער יאָ, אויב נויטיק, נעמען דאָס אייגענע ווייב צו אַ דין־תורה.

בתיה האָט נאָכגעגעבן. זי האָט געזאָגט רחלען, אַז מהיום והלאה צאָלט זי איר הונדערט רובל אַ יאָר, אַ חוץ קליידן און שוכן און עסן. פאַר די צוויי יאָר, וואָס זי האָט געדינט, האָט די מומע פאַר איר אַוועק־געלייגט צוויי הונדערט רובל. זאָל זיין אויף נדן.

אָבער די איבעררייידן האָבן נישט אויפגעהערט צווישן מאַן און ווייב. מיטאַמאָל איז ר׳ חיים־זוסיע נישט געפעלן געוואָרן, וואָס רחל אַר־בעט אום שבת. בתיה האָט געטענהט:

— פון ווען אָן טאָר מען נישט שבת גרייטן צום טיש, דערלאַנגען עסן און וואַשן געפעס?

ר׳ חיים־זוסיע איז איר נישט געבליבן שולדיק קיין ענטפער:

— דו מיט דיינע טעכטער מעגן טון די מלאכות אום שבת, אָבער פאַר רחלען איז עס אַן אב־מלאכה. נישקשה, נישקשה בריינדל און שיינדל אַרבעטן זיך נישט איבער אַ גאַנצע וואָך. רחל מוז רוען שבת.

אָבער ר׳ חיים־זוסיע האָט זיינס נישט אויסגעפירט. רחל האָט זיך צעקאָכט:

— וואָס וויל מען האָבן פון מיין לעבן? וואָס טשעפּעט מען זיך צו מיר? וואָס וויסן ברײַנדל און שיינדל, וואָס עס טוט זיך אין קיך? זיי וועלן אַלץ אויסמישן און איך וועל דערנאָך נישט וויסן ווו צו געפינען, וואָס איך דאַרף. ווײַ איז צו מיר, זיי קענען נאָך צעמישן די פליישיקע מיט די מילכיקע טעלער און לעפל, מיר וועלן אַלע פאַרפאַלן ווערן אין „קאַפּיקאַל״.

ר׳ חיים־זוסיע האָט אַ מאַך געטון מיט דער האַנט:

— מען דאַרף איר עגבערן אַן אויער. אַן אמתע שפחה. טענהט אהבתי את אדוני — איך האָב ליב מיין באַלעבאָס.

ס׳איז געוואָרן שטיל אין שטוב ביז עס האָט געטראָפן די מעשה מיט דער געשליפענער גלאָז־שיסל.

אינמיטן ווינטער, פאַרן גויאישן ניי־יאָר, איז ר׳ חיים־זוסיע געפאָרן אין שטאָט איינקויפן סחורה פאַר דער קראָם. ווען ער איז צוריקגעקומען האָט ער געבראַכט זיין בתיהן גאָר אַ פיינע מתנה אַ שיסל פון געשליפענעם גלאָז. ס׳איז געווען אַ כלי ווערט אָנצוקוקן. ווען מען האָט גע־האַלטן די שיסל אַנטקעגן אַ ליכט האָט זי געפינקלט ווי אַן אמתער דימענט. אַז מען האָט אַ שנעל געטון די שיסל מיט אַ פינגער האָט זי אָפּגעקלונגען ווי אַ זילבערנער גלעקל. די שיסל האָט געקאָסט גאַנצע פופציק רובל.

בתיה האָט זי אַוועקגעשטעלט איבער דעם קרעדענץ און זיך גע־שפּיגלט אין דעם.

ס׳איז געקומען דער ערב פסח. רחל האָט זיך גענומען צו ריי‏ניקן דאָס הויז לכבוד יום־טוב. בתיה האָט איר געהייסן אַראָפּנעמען די שיסל, זי אַרומשטויבן, און אויסוואַשן מיט וואַסער און כשרן זייף. רחל האָט זיך אָנגעהויבן בעטן:

— מומע לעבן, עס וואַרפט מיר אַ צאָן אָן אַ צאָן ווען איך גיי פאַרביי דעם קרעדענץ. איך האָב אפילו נישט די העזה זיך צורירן צו דער כלי.

בתיה האָט זיך אַ בייזער געטון:

— וואָס האָסטו מורא? וואָסי, דו האָסט ליימענע הענט?

רחל האָט, שווייגנדיק, מיט שרעק אַראָפּגענומען די שיסל, צו־געטראָגן אין קיך, זי אַרומגעוואַשן און אָפּגעפּוצט. די שיסל האָט אָנגעהויבן פינקלען מיט אַלע קאָלירן פון רעגנבויגן. רחל האָט אַביסל פאַרלאָרן איר שרעק און זיך געשפּיגלט אין דער געשליפענער גלאָז כלי. זי האָט די שיסל, נאָך אַ ווײַלע אָנקוקן, גענומען אין ביידע הענט און גע־בראַכט צום קרעדענץ. אַ קורצינקע איז זי געווען, האָט זי זיך אַוועקגע־שטעלט אויף אַ בענקעלע און אויסגעצויגן אירע הענט צו דער אויבערשטער פּאָליצע — און ווי דאָס הארץ האָט איר געזאָגט — דאָס בענקעלע האָט זיך אַ קער געטון און רחל איז געפאַלן און די שיסל האָט זיך צעשאָטן אויף פּיץ־פּיצעלעך.

די אָרעמע רחל איז געבליבן ליגן אויפן דיל ווי די הענט און פיס וואָלטן איר אָפּגענומען געוואָרן פון שרעק. די באַלעבאָסטע איז אַרײַנגע־לאָפן אין סאַליע, ווען זי האָט דערהערט דעם בריאַזג. זי האָט דערזען, וואָס עס האָט פּאַסירט און זי האָט זיך צעשריען:

— דו גלאָמפּ, דו יאָלאָפּ, דו שטיק פלייש מיט צוויי אויגן, בהמה! ווייסטו כאָטש וואָס דו האָסט אָפּגעטאָן?

רחל האָט זיך אויפגעזעצט. געבליבן זיצן מיט א צעשראָקענעם פּנים, געקוקט אויף די פּיצלעך גלאָז, וואָס האָבן געפינקלט אויפן דיל און געקוקט ווי אַ געליימטע אויף דער באַלעבאָסטע. בתיה האָט געליאַרעמט און געסמט:

— מען טאָר דאָך דיך נישט האַלטן אין קיין יידישער שטוב. אַ מויד פרעסט, זויפט און ברעכט און שטעכט, וואָס עס קומט איר צו דער האַנט. אַ ציג איז דאָך קליגער פאַר דיר. אַ קאַלב האָט מער שכל פאַר דיר. ווי נעמט מען און מען צעברעכט אַזאַ כלי? דיר קומט דאָך צעפּערטלען פאַר אַזאַ מעשה.

ר׳ חיים זוסיע האָט דערהערט דער ווייבס געשרייען איז ער אַרײַנ־געלאָפן אין סאַליע און אַ קער געטון זיך צו בתיהן:

— וואָס שרייסטו? פאַרוואָס פאַרשעמסטו א יידישע טאָכטער? זי איז אַזאַ מענטש ווי דו, ווי איך. זי איז אויך געשאַפן געוואָרן בצלם אלקים. טאָרסט צו איר נישט רעדן אַזוי. זי איז דיר נישט קיין שפחה כנענית. מעגסט ביי איר מאָנען דעם היזק. מעגסט זי רופן צו אַ דין־תורה. אָבער רעדן אזוי מיאוס צו איר, שרייען אויף איר. דאָס טאָרסטו נישט. ביסט זי מבייש.

— טאַקע גוט, וואָס דו האָסט מיך אַרויסגעפירט אויפן ריכטיקן וועג. איך נעם זי צום רב. נישקשה, עס ליגן ביי איר געננוג הונדערטערס. זי האָט מיט וואָס צו באַצאָלן דעם היזק — רחקהלע — האָט זי א זאָג געטון צו דער דינסט — טו אַ הייב דיין גוף. גיי טו זיך אָן. מיר גייען צום רב.

די דינסט האָט זיך אויפגעהויבן פון דיל און מיט געוויין איז זי אַוועק אָנצוטאָן זיך. בתיה האָט אויך גענומען זיך אָנטאָן. ר׳ חיים זוסיע האָט גענומען זוכן זיין פּיזמענעם פוטערל, וואָס ער האָט קיינמאָל נישט געוווסט ווו ער לייגט אים אַוועק. ער האָט אָנגעהויבן רופן די טעכטער:

— בריינדל, שיינדל, ווו איז מיין פוטערל?

— וווהין גייסטו, וואָלט איך געוואָלט וויסן? האָט געפרעגט בתיה.

— וואָס הייסט וווהין איך גיי, האָט ר׳ חיים זוסיע געענטפערט — איך גיי מיט דיר צום רב.

— דו דאַרפסט זיך נישט מטריח זיין, האָט בתיה געענטפערט, איך קאָן אַליין באַשטיין מיין שטעטל. איך וועל וויסן, וואָס צו טענהן.

— איך גיי זיך נישט אָננעמען פאַר דיר, האָט ר׳ חיים זוסיע גע־ענטפערט. איך ווייס, אַז דו וועסט וויסן וואָס צו טענהן. איך גיי זיך אָננעמען פאַר דער יתומה. וואָס וועט זי וויסן וואָס צו טענהן? זי איז דאָך אַ דערשראָקענע אויף טויט!

בתיה האָט זיך צוגעזעצט אויף דעם ערשטן בעסטן שטול, ווי מען וואָלט איר אונטערגעזעגט די פיס. זי האָט זיך אַ קער געטון צום מאַן:

— אַזוי גאָר, חיים זוסיע, דו מיינסט, אַז איך בין אַן אכזרטע?

ר׳ חיים זוסיע האָט געענטפערט שטיל טרויעריק:

— בתיה, דו זאָלסט וויסן אז דו פאַרשפּילסט די וועלט און יענע וועלט צוליב דער יתומה. גאָט פאַרשווייגט נישט קיין טרערן פון אַ יתומה.

## אַמאָליקע יידן

דאָס איז געווען דאָס לעצטע מאָל, וואָס מאַן און ווייב האָבן זיך איבערגערעדט צוליב רחלען. בתיה האָט נישט גענומען די יתומה צום רב. זי האָט פון דעמאָלט אָן נישט געזאָגט קיין קרום וואָרט צו דער דינסט. גאָר אין א קורצער צייט האָט זיך געמאכט א שידוך פאר רחלען און מען האָט זי חתונה געמאַכט. בתיה האָט אַריינגענומען אַ פרעמדע דינסט אין הויז, נישט קיין יתומה. אין שטוב איז געוואָרן שלום־בית.

# ר׳ משה שוחט

ר׳ משה שוחט איז נישט געווען קיין גביר, קיין געשעפטן האָט ער נישט געפירט, דאָך האָט ער געהאַט ביי זיך איינגעלייגט מער פרעמד געלט ווי דער גרעסטער גביר פון שטעטל. ער איז געווען אַ בעל־בטוח, אַ ייד, וואָס זיין וואָרט איז געווען וואָרט און האלטן א צוזאָג האָט זיך ביי אים גערעכנט פאַר דער גרעסטער מצווה. דערפאַר ווען עס האָט זיך געטראָפן אז צוויי סוחרים האָבן געהאַט א סיכסוך, א לאָדעניש, האָבן זיי איינגעלייגט ביי ר׳ משהן דאָס שלישות־געלט, די סומע וואָס מען באַשטימט איינצולייגן, כדי ביידע זאָלן אויספאָלגן דעם פסק דין פון רב. ווען אַן אָרעמע יתומה האָט אָפּגעשפּאָרט א פּאָר רובל אויף נדן האָט זי עס אַוועקגעטראָגן צו ר׳ משהן. האָט איינער אָפּגעשיקט א חוב, וואָס ער האָט געליען אויף א וועקסל, האָט ער דאָס געלט צוגעשיקט צו ר׳ משהן און דער שוחט האָט באַצאָלט דעם חוב און אָפּגענומען דעם וועקסל. פאַרשטייט זיך, ער האָט אַלץ געטון שלא על מנת לקבל פּרס, אָן געצאָלט און אָן באַלוינונג.

מען האָט אים געטרויט מער ווי וועלכן ס׳איז גביר, אָדער סוחר, וואָס טוט גרויסע געשעפטן, ווייל א גביר קאָן ווערן אַ יורד. אַ סוחר, דער גרעסטער, קאָן פארלירן דאָס געלט אין מסחר. אָבער ר׳ משה שוחט קאָן נישט ווערן קיין יורד און קאָן נישט פארלירן קיין געלט אין מסחר. ער האָט געלעבט מיט זיין פרוי אין אַ קליין שטיבל. קיין קינדער האָט ער נישט געהאט. זיין חיונה האָט ער פאַרדינט פון שחיטה. לעבן האָט ער געלעבט אָרעם. ער האָט אפילו זיך אָפּגעזאָגט צו האנדלען מיט די פעל פון די בהמות, וואָס ער האָט געקוילעט, ווי די מערסטע שוחטים האָבן

זיך נוהג געווען. האָבן די שטעטלשע יידן געוווּסט, אַז ער, ר׳ משה איז דער גרעסטער בעל בטוח.

***

אין יענער שטאָט איז געווען א ישיבה ווו עס האָבן געלערנט א סך בחורים פון דער פרעמד. געוויינטלעך פלעגן די בחורים קריגן אַביסל שטיצע פון דער ישיבה, תמיכה האָט מען עס גערופן, דאָס איבעריקע אויף אויסקומעניש, פלעגן זיי קריגן פון דער היים. גאָר אָרעמע בחורים פלעגן עסן טעג. יעדן טאָג פלעגט דער ישיבה־בחור עסן ביי אַן אַנדער באַלעבאָס. די ישיבה־בחורים האָבן שטאַרק נישט ליב געהאַט דאָס עסן טעג, אָבער פאַר קיין חרפה האָט מען עס נישט געהאַלטן. די גרעסטע מענטשן ביי יידן האָבן אמאָל אין זייערע ישיבה־יאָרן געגעסן טעג.

אין דער ישיבה איז געווען איינער א בחור, א זון פון א פאַרמעג־לעכן טאַטן. דער ישיבה־בחור פלעגט קריגן אַלע צוויי חדשים פינף און צוואַנציק רובל פון דער היים. פאַרשטייט זיך, אַז דאָס געלט פלעגט דער טאַטע שיקן צו ר׳ משה שוחט. ווען ר׳ משה שוחט פלעגט דערהאַלטן דאָס געלט האָט ער עס באַלד, אין דעם זעלבן טאָג, געבראַכט צום ישיבה־בחור.

אַמאָל אין אַ ווינטער־טאָג קומט אַריין דער ישיבה־בחור צו ר׳ משה שוחט און זאָגט מיט רוגזה:

— שוין אַ וואָך איז אַריבער פון די צוויי חדשים און איך האָב נישט געקראָגן מיינע פינף און צוואַנציק רובל.

משה שוחט ענטפערט אים רואיק:

— איך האָב נישט דערהאַלטן קיין געלט פון דיין טאַטן.

ווערט שוין דער ישיבה בחור גוט אין כעס און נעמט אַרויס א בריוו פון זיין בוזעם קעשענע און שפּאַרט עס ר׳ משהן גלייך אין פּנים:

— נאַט לייענט. שוין א וואָך אז איך האָב דערהאַלטן דעם בריוו פון טאַטן. אָט שטייט דאָ שוואַרץ אויף ווייס אַז מען האָט אייך געשיקט דאָס געלט.

ר׳ משה שוחט ענטפערט אים אָן כעס:

— איך ווייס נישט וואָס מען שרייבט דיר אין בריוו, איך ווייס אָבער

אַז איך האָב נישט דערהאלטן קיין געלט פאַר דיר. אָבער דו דאַרפסט געלט אויף הוצאות, נו, וועל איך דיר דערווייל אויסלייען וויפל דו נויטיקסט זיך ביז איך וועל עס קריגן פון דיין טאַטן.

ווערט דער בחור אין כעס אויף אַן אמת און ענטפערט בייז:

— טוט מיר נישט קיין טובות און לייט מיר נישט קיין געלט. גיט מיר וואָס עס קומט מיר.

ענטפערט דער שוחט באהארצט:

— אָבער גלויב מיר, איך האָב נישט דערהאלטן קיין געלט פאר דיר.

ענטפערט מער נישט דער בחור קיין וואָרט, גייט אַרויס און גיט א קלאַפּ מיט דער טיר אַזש די ווענט האָבן אַ ציטער געטון.

אַ וואָך איז אַוועק און דער בחור איז ווידער ביי ר׳ משה שוחט אין שטוב. איצט האָט ער זיך צעשריען אויף אַן אמת:

— אָט איז אַן ענטפער פון טאַטן. ער האָט אַרויסגעשיקט דאָס געלט כ״ה טבת, פינף און צוואַנציק טאָג אין טבת, און איצט איז שוין דריי וואָכן אין שבט.

טוט ר׳ משה אַ זיפץ און ענטפערט:

— איך ווייס נישט וואָס עס האָט געטראָפן מיט דעם געלט. איך זאָג דיר, אַז איך האָב עס נישט דערהאלטן. איך זאָג דיר נאָכאמאָל אויב דיר פעלט אויף אויסקומעניש וועל איך דיר אויסלייען אַ פּאָר רובל.

דער בחור איז געוואָרן א צעקאָכטער:

— איר וועט זיך ביי מיר נישט אויסדרייען מיט ליגנס און גלאטע ריידעלעך. איך רוף אייך צו א דין תורה.

אַז מען רופט אַ יידן צום רב אויף א דין תורה מוז מען גיין. זענען ביידע, ר׳ משה שוחט און דער ישיבה־בחור, אַוועק צום רב.

זענען זיי געקומען אין בית־דין שטיבל און יעדער איינער האָט אויסגעלייגט זיינע טענות פארן רב.

דער רב האָט זיי אויסגעהערט, געזעסן א ווײַלע שטיל, און דערנאָך געזאָגט צו ר׳ משהן:

— איר ווייסט דאָך דעם דין. אייך קומט א שבועה. איר דאַרפט שווערן, אַז איר האָט נישט דערהאלטן דאָס געלט, און איר זייט פּטור, נישט שולדיק קיין גראָשן צום בחור.

ר׳ משה שוחט האָט געענטפערט:

— גוט, איך וועל שווערן, אז איך האָב נישט דערהאלטן דאָס געלט. אָבער פריער נאָט אייך די פינף און צוואנציק רובל פארן בחור.

גערעדט און געטון. ר׳ משה האָט אַריינגעלייגט די האַנט אין בוזים קעשענע ארויסגענומען פינף און צוואנציק רובל, דערלאנגט דאָס געלט דעם רב. דערנאָך האט רבי משה גענומען א ספר אין האנט און געשוואָרן, אַז ער האָט נישט דערהאלטן דאָס געלט.

די מענטשן, וואָס זענען געשטאַנען אין בית־דין שטיבל און אויך דער רב האָבן זיך געוווּנדערט אויף דער מאָדנער האַנדלונג פון ר׳ משהן. דער רב האָט אים געפרעגט אָפּנהאַרציק:

— ס׳טייטש, ר׳ משה, וואָס איז דאָס פאַר אַ דרך? ממה נפשך, האָט איר באַצאָלט איז פארוואָס האָט איר געשוואָרן? האָט איר נישט דער־האלטן דאָס געלט איז פאַרוואָס האָט איר באַצאָלט?

ר׳ משה שוחט האָט דערקלערט:

— פארשטייט מיך, רבי, א סך מענטשן געטרויען מיר אָן גרויסע סומעס געלט. שטעלט זיך פאַר אַז איך שווער, אַז איך האָב נישט דער־האַלטן דאָס געלט און גיב אים נישט קיין גראָשן. וואָס וואָלטן מענטשן געזאָגט? אַהאַ, מיר קאָנען די פיינע יידן! מען לייגט אַריין דאָס געלט אין קעשענע און מען שווערט אָפּ און פאַרטיק, פּטור! וואָלט איך אים באַצאָלט און נישט געשוואָרן, וואָס וואָלטן ווידער מענטשן געזאָגט? — אַהאַ, דער שיינער ייד האָט געוואָלט מאַכן אַ גרינג פאַרדינסטל, אָבער אַז עס איז געקומען צו אַ שבועה, האָט ער זיך דערשראָקן און באַצאָלט. איצט אָבער, ווען איך האָב באַצאָלט און געשוואָרן ווערלן אלע צוגעבן, אז איך האָב נישט געוואָלט גנבענען, איך האָב נישט געגנבעט און נישט געשוואָרן פאלש.

אין גאָר אַ קורצער צייט האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דער ישיבה־בחור האָט געמאכט א טעות. ער האָט דערהאלטן א בריוו פון טאַטן אַז ער, דער טאַטע, האָט געמיינט, אַז ער האָט געשיקט ר׳ משהן דאָס געלט, אָבער ער האָט עס נישט געשיקט. ער האָט אַריינגעלייגט דעם בריוו מיטן געלט אין אַ קעשענע און פארגעסן עס אַוועקצושיקן.

# ר׳ חיים דער קרעמער

אַמאָל האָט אין ווילנע געלעבט אַ ייד מיטן נאָמען חיים נעבעס דער קרעמערינס. מען האָט אים אַזוי גערופן ווייל זײַן ווייבס נאָמען איז געווען נעכע און זי האָט געהאַלטן א קראָם. דאָס ווייב איז געווען די קרעמערקע און האָט פאַרדינט אויף חיונה און דער מאַן רבי חיים איז געזעסן און געלערנט טאָג און נאכט.

ר׳ חיים האָט געלערנט טאָג און נאַכט און איז געוואָרן אַ גרויסער למדן, א מופלג, א גדול, א בקי אין גאַנץ ש״ס. זײַן נאָמען האָט אָנגעהויבן קלינגען איבער דער וועלט. פון די ווײַטסטע שטעט פלעגן צו אים אָנקומען שאלות וועגן די האַרבסטע ענינים. גאָר אַ סך קהלות האָבן אים געוואָלט אויפנעמען פאַר א רב, אָבער רבי חיים האָט נישט געוואָלט הערן אפילו. ער האָט נישט געוואָלט מאַכן די תורה „קיין רידל צו גראָבן דערמיט״, מען טאָר דאָך נישט אויסנוצן די תורה צו האָבן פרנסה דערפון.

אַזוי זענען אַריבער יאָרן און יאָרן. ר׳ חיים איז געזעסן טאָג און נאַכט און געלערנט און זײַן ווייב האָט אָנגעפירט מיט דעם קרעמל. ער איז געבליבן דער זעלבער אָרעמאַן, אָבער זײַן נאָמען איז געוואָרן גרעסער און מער באַקאַנט און באַרימט.

ווען ר׳ חיים איז געוואָרן זעכציק יאָר אַלט איז אין ווילנע געשטאָרבן דער רב. די חשובסטע באַלעבאַטים פון שטאָט זענען געקומען צו ר׳ חיימען און אים אָנגעבאָטן דעם כסא־רבנות — די שטול פון רבנות.

איצט האָט ער זיך נישט אָפּגעזאָגט: ווערן א רב אין ווילנע, די יידישע שטאָט, וואָס מען האָט גערופן די ירושלים פון ליטע, איז נישט קיין קלייניקייט. ווען ער זאָגט זיך אָפּ וואָלט מען געזאָגט, אַז ער איז

אַ בעל גאווה, א גרויסהאַלטער און פארשעמט די שטאָט. האָט ער אָנגעזאָגט מען די רבנות שטעלע אבער אויף איין תנאי, אויף איין באדינג — קיין שכירות קריגט ער נישט. ער וועט אויף ווייטער ציען זיין פרנסה פון דעם קרעמל.

די שטאָט האָט מסכים געווען, צוגעשטימט צו ר׳ חיים דעם קרעמערס פאַרלאַנג.

גאָר אַ קורצע צייט איז אַריבער און ר׳ חיים האָט באַמערקט, אַז זיין ווייב האָט זיך אָנגעהויבן אויפפירן אין שטוב א סך ברייטער ווי אַמאָל. איידער ער איז געוואָרן רב איז אויפן טיש געווען פלייש בלויז איינמאָל א וואָך — שבת. איצט אָבער האָט די רביצין אים דערלאַנגט פלייש יעדן טאָג אין וואָך. נישט נאָר איז דאָס עסן געוואָרן בעסער, די רביצין האָט אים געקויפט צוויי נייע קאַפּאָטעס, דריי פּאָר הויזן און א ניי היטל. זי אַליין האָט זיך אויסגעפּוצט אין אַ ניי קלייד, נייע שיך, צוויי פאַרטעכער און א זיידן טיכל אויף שבת.

שבת־צו־נאַכט האָט ר׳ חיים אַריינגערופן די רביצין און געזאָגט צו איר:

— עפּעס איז געוואָרן א רחבות אין הויז. וואָרפסט זיך מיט געלט. נייע קאַפּאָטעס, אַ ניי היטל, נייע פאַרטעכער, אַ זיידן טיכל, פלייש אויפן טיש אַלע טאָג. ווו האָסטו עס גענומען? נעמסט מסתמא בשתיקה, שטילערהייט, שכירות פון קהל.

די רביצין האָט געענטפערט א פאַרציטערטע:

— חלילה, וואָס מיינסטו איך וועל גיין קעגן דיין רצון, קעגן דיין ווילן? אָבער זינט דו ביסט געוואָרן רב פון שטאָט האָט זיך דער פדיון אין קראָם, די לייזונג, פאַרגרעסערט. שייך פאַרגרעסערט! דריי, פיר מאָל אזויפיל. פון אלע עקן פון שטאָט קומט מען קויפן אין רבס קראָם.

טוט זיך ר׳ חיים אַ ברוגז:

— אַזוי, פון קרעמל איז שוין געוואָרן א קראָם ביי דיר.

די רביצין האָט געענטפערט: איז וואָס בין איך שולדיק? איך שלעפּ נישט קיין קונים ביי די פּאָלעס.

דער רב האָט אַריינגענומען די באָרד אין דער רעכטער האנט, געשאָקלט זיך און אָנגעהויבן רעדן מיט אַ ניגון:

— קיין קונים ביי די פּאָלעס שלעפּסטו טאַקע נישט, אָבער — ס׳איז דאָך פּשוטע גענאַרעריי און עס טויג נישט. מיר נעמען אַוועק די פּרנסה ביי אַנדערע יידן, ביי יידן, וואָס זענען מטופּלים מיט קליינע קינדער. ס׳איז אַ מיאוסע מעשה צו זיין אַ רב. איך זאָג דיר נעכע אַז מיר זענען מקפּח פּרנסה, מיר גזלענען אַוועק די פּרנסה, ביי אַ שטאָט יידן.

— אָבער, חיים, האָט די רביצין געענטפערט, וואָס קאָן איך העלפן אז זיי ווילן דווקא קויפן ביי אונדז אין קראָם?

— גערעכט, האָט ר׳ חיים געענטפערט, אָבער איך בין געפאַלן אויף א המצאה, אויף א פּאַרמל, אַ געדאַנק. איך וועל אויסרעכענען וויפל ס׳איז אונדזער שטוב־הוצאה איידער איך בין געווען רב אין ווילנע. ווען דו וועסט איינלייזן גענוג צו פאַרדינען וויפל מיר האָבן דעמאָלט אויסגעגעבן אַ וואָך וועסטו פארמאכן די קראָם. פון דיין קראָם וועט מיט גאָטס הילף ווערן צוריק א קרעמל. אנדערע יידן דאַרפן אויך לעבן.

די רביצין האָט געפאָלגט. עס זענען געווען וואָכן, וואָס דעם רבס קרעמל איז געווען אָפן בלויז איין טאָג, זונטיק. עס האָט שוין געטראָפן, אַז די רביצין האָט געהאלטן די קראָם אָפן בלויז זונטיק אין דער פרי, ווייל אַלע האָבן געוואָלט קויפןביים רב אין קראָם. וויפל מען האָט זיך נישט געבעטן ביי דער רביצין, אַז זי זאָל עפענען דאָס קרעמל, נאָכדעם ווי זי האָט איינגעלייזט וויפל זי האָט באדארפט, האָט נישט געהאָלפן. די רביצין האָט געהאט איין ענטפער:

— דער רב האָט געזאָגט: אנדערע יידן דאַרפן אויך לעבן.

# אַ רב אַ שמיד

אַמאָל האָט געלעבט אין אַ קליין שטעטל אַ רב מיטן נאָמען ר׳ ירוחים. ער איז געווען אַ גרויסער למדן, אַ גאון און באַרימט איבער דער מדינה. ער איז געבליבן רב אין דעם קליינעם שטעטל, ווייל זיין טאַטע האָט אַזוי געוואָלט. דער טאַטע זיינער איז געווען אַ שמיד און האָט זיך זייער געגרויסט מיט זיין זון דעם רב. ער האָט געוואָלט הערן ווי אַלע רופן זיין זון רבי. ר׳ ירוחים איז צוליב כיבוד אב, צוליב אָפּגעבן כבוד דעם טאַטן, געבליבן רב אין זיין געבוירן־שטעטל און קיינמאָל נישט געוואָלט אָננעמען קיין כסא רבנות אין אַ גרויסער שטאָט.

אין דעמזעלביקן שטעטל האָט געוווינט אַ גביר, אַ גרויסער יחסן, וואָס דאָס גאַנצע שטעטל האָט פאַר אים געציטערט.

טרעפט איינמאָל אַז דער גרויסער גביר האָט עפּעס אַ געשעפטס־סכסוך מיט אַ סוחר פון אַן אַנדער שטאָט. דער סכסוך איז באַשטאַנען איבער אַ גרויסער סומע געלט, אין די טויזנטער. ביידע סוחרים האָבן צוגעשטימט אויף אַ דין תורה.

טראַכט זיך דער גביר: איך וועל ברענגען די דין תורה פאַרן רב פון שטעטל — פאַר ר׳ ירוחימען. דעם שמידס זון וועט נישט האָבן די העזה אַרויסצוגעבן אַ פּסק־דין קעגן מיר. דער אַנדער סוחר זאָל נאָר מסכים זיין!

ער האָט פאַרגעלייגט דעם סוחר, אַז ר׳ ירוחים זאָל זיין דער רב פון דער דין תורה. דער סוחר האָט זיך אָנגעכאַפּט אָן דעם אָנבאָט: אַ קליי־ניקייט ר׳ ירוחים! אַזאַ רב וועט זיך גיך דערגרונטעווען צום אמת און וועט אַרויסטראָגן דעם ריכטיקן פּסק־דין.

זיי זענען געקומען צו לאָדן זיך צו רבי ירוחימען. אַזוי ווי עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן זייער אַ סך געלט, האָט דער רב צוגענומען נאָך צוויי דיינים צו זיך. עס זאָל זיין א בית־דין פון דריי.

דער גביר און דער סוחר לייגן אויס זייערע טענות פארן בית־דין. שוין אויפן צווייטן טאָג כאַפּט ר׳ ירוחים מיט זיין פלינקן קאָפּ, אַז דער גביר, דער גרויסער בעל יחוס, איז נישט געקומען מיט קיין ריינע הענט. רבי ירוחים איילט זיך אָבער נישט צו רעדן צום בית־דין. ער גיט גענוג צייט די דיינים צו צעקייען דעם ענין. די דין־תורה האָט זיך פאַרצויגן אַ גאַנצע וואָך. נאָכן אויסהערן אלע טענות, פארמאכן זיך דער רב און די צוויי דיינים אין אַ באַזונדער צימער און הייבן אָן צו באטראכטן דעם עסק. עס איז שוין אויך קלאָר פאר די דיינים, אז דער שטעטלדיקער שיינער ייד, דער גביר, דער בעל־יחוס האָט געוואָלט אָפּנאַרן דעם פרעמדן סוחר.

אָבער די דיינים קווענקלען זיך: רבי געצל, אַזוי האָט מען גערופן דעם שטעטלדיקן גביר, איז א ייד אַ תקיף. מען דאַרף זען געפינען א פשרה. ווער וויל זיך עס איינרייסן מיט ר׳ געצלען?

שטעלט זיך אויף דער רב און זאָגט שאַרף:

קיינע פשרות! ער וועט מוזן משלם זיין. ער וועט באַצאָלן ווי א טאַטע. וואָס עס קומט פון אים. אוז אז ער איז א גביר און א תקיף און דער גבאי פון שול, איז וואָס? עס שטייט געשריבן אין דער תורה ולא תגורו מפני איש, איר זאָלט נישט מורא האָבן פאַר קיין מענטשן, כי המשפט לאלהים הוא, ווייל דער משפט איז גאָטס. וואָס מיינט איר איז דער טייטש פון פסוק: איר זאָלט נישט מורא האָבן פאַר קיין מענטשן? פאַר וועמען זאָלן מיר נישט מורא האָבן פאר שמואל דעם מלמד, וואָס ציטערט פאר א פליג? עס מיינט נישט מורא צו האָבן פאר אזא תקיף ווי ר׳ געצל. איך נעם אלץ אויף זיך.

דער פסק־דין איז אַרויסגעטראָגן געוואָרן קעגן ר׳ געצלען.

⁂

דער גביר האָט נישט פארשוויגן די מעשה. אין גאָר א קורצער צייט האָט ער אַראָפּגעבראכט א נייעם רב אין שטעטל. עס איז אויסגעבראָכן

אַ גרויסע מחלוקת צווישן די בעלי־בתים. עס זענען אויפגעקומען צוויי צדדים און יעדער צד איז געווען גרייט אפילו אויף געשלעגן. רבי ירוחים האָט נישט געוואָלט קיין קריגערייען אין שטעטל, האָט ער זיך אָפּגעזאָגט פון רבנות. ער האָט געזאָגט:

— צו זיין אַ רב און יידן זאָלן זיך קריגן צוליב מיר, וויל איך נישט. אמאָל אין מיין יוגנט האָב איך אַרויסגעהאָלפן דעם טאַטן אין קוזניע. ווער איך צוריק א שמיד ווי דער טאַטע מיינער. צו קיין מחלוקתן וועל איך נישט דערלאָזן.

געזאָגט און געטון.

ס'איז אריבער אביסל צייט, אינגאַנצן זעקס חדשים, און דער נייער רב איז פלוצים קראנק געוואָרן און איז געשטאָרבן. די שטעטלדיקע יידן האָבן געזען אין רבס טויט א צייכן פון גאָט, אַ שטראָף פארוואָס מען האָט מבזה געווען רבי ירוחימען. אַלע, אפילו דער גביר ר' געצל, זענען געקומען צו בעטן רבי ירוחימען ער זאָל ווערן צוריק רב אין שטעטל.

נאָכדעם ווי מען האָט אים לאנג געבעטן האָט רבי ירוחים מסכים געווען צוריק צו ווערן רב אין שטעטל. ער האָט אָבער אויסגענומען איין תנאי — ער נעמט נישט קיין שכירות. ווי ביז איצט וועט ער וייטער ציען חיונה פון קוזניע. און אויב די בעלי־בתים ווילן באמת אים אָנטון א נחת רוח, זאָלן זיי אויסבויען א בית־דין שטיבל גלייך לעבן קוזניע.

דאָס שטעטל האָט צוגעשטימט.

ר' ירוחים איז נאָכדעם געווען רב גאַנצע צוואנציק יאָר. ווען אַרבעט איז נישט געווען אין קוזניע פלעגט דער רב זיצן אין בית־דין שטיבל, איינגעוויקלט אין טלית און תפילין און לערנען. פלעגט קומען א פויער פון די אַרומיקע דערפער צו אָנציען אן אייזערנע שינע אויף א ראָד, אָדער פאַרריכטן אן אקער פלעגט ער אָנקלאַפּן אין פענצטער:

— ראַבין קאָוואל, ראבין קאָוואל!

דער רב האָט שוין געוווּסט וואָס דער פויער וויל פון אים. האָט ער אויסגעטאָן דעם טלית, אַראָפּגענומען די תפילין, אָנגעטאָן דעם שמידס פארטעך און אַרויס אין קוזניע.

אָפט ווען ער איז געשטאַנען אין קוזניע איז מען צו אים געקומען װעגן קהלשע זאכן, די רביצין האָט געזאָגט צו די באלעבאטים:

— וואַרט צו אַ ווײלע, דער רב איז אין קוזניע. איך וועל אים תּיכּף אַרײַנרופֿן.

דאָס שטעטל האָט זיך בײַ אים געבעטן:

רבי, גענוג צו זײַן אַ שמיד, מיר שעמען זיך.

— נישטאָ וואָס צו שעמען זיך, פּלעגט דער רב ענטפֿערן — איך לעב מיגיעי כּפּי פֿון אײגענער אַרבעט, און דאַרף פֿאַר קײנעם נישט מורא האָבן פֿאַר מײַן שטיקל ברויט, חוץ פֿאַר גאָט אַלײן. דאָס איז קײן חרפּה נישט. זאָל נאָר גאָט געבן כּוח און פּרנסה.

און דער רב איז געבליבן אַ שמיד ביז דעם לעצטן טאָג פֿון זײַן לעבן.

# אַ קללה וואָס איז אַ ברכה

אמאָל, אַמאָל איז געווען אַ רב אַ גרויסער למדן און זייער אַ פרומער. זיין נאָמען איז געווען רבי דוד. רבי דוד האָט אויך אָנגעפירט מיט אַ ישיבה, ער איז געווען דער ראש ישיבה. אין אָט דער ישיבה זענען געווען בחורים גרויסע לערנערס, עלוים. דער גרעסטער פון אַלע עלוים איז געווען אַ בחור מיטן נאָמען שמחה.

אין יענע צייטן האָט זיך געפירט, אַז אויב אַ ייד אַ גביר האָט גע־וואָלט אַ פיינעם חתן פאַר זיין טאָכטער איז ער אַוועק אין אַ ישיבה נאָכ־געפרעגט ביים ראש ישיבה אויף אַ געראָטענעם בחור און גענומען דעם ישיבהניק פאַר אַן איידעם.

און עס האָט פּאַסירט אַז אַ גביר איז געקומען צו רבי דודן אין דער ישיבה און נאָכגעפרעגט זיך אויף אַ ווילן בחור. דאָס מיידל איז געווען אַ שיינע, אַ געראָטענע, אַ בריה, און דער גביר איז טאַקע געווען אַן אמתער גרויסער גביר, האָט רבי דוד אויסגעקליבן שמחהן פאַרן חתן. דער גביר האָט אָנגעקוקט דעם בחור און ער איז אים געפעלן געוואָרן. חתן־כלה האָבן זיך געזען און זיי זענען געפעלן געוואָרן איינער דעם אנדערן. דער שידוך איז געשלאָסן געוואָרן.

פאַר דער חתונה האָט ר׳ דוד געגעבן סמיכה אויף רבנות און נאָך דער חתונה איז דער יונגערמאַן געזעסן ביים שווער אויף קעסט. דער שווער האָט אים צוגעזאָגט צען יאָר קעסט.

יאָרן זענען אַריבער. דריי קינדערלעך זענען געבאָרן געוואָרן ביים פּאָר פּאָלק און שמחה איז נאָך אַלץ געזעסן אין בית מדרש און געלערנט.

זײַן נאָמען איז געװאָרן באַװוּסט און באַרימט ברײט און װײַט און דער שװער האָט געקליבן נחת.

אָפט איז שמחה געקומען צו ר׳ דודן אויף יום־טוב. ר׳ דוד האָט שטאַרק אָנגעקװאָלן פֿון זײַן תּלמיד. ר׳ דוד האָט עטלעכע מאָל אָנגעװוּנקען דעם תּלמיד, אַז עס איז שױן צײַט ער זאָל זיך פֿאַרטראַכטן צו װערן אַ רבֿ אין אַ שטאָט, עפֿענען אַ ישיבֿה און פֿאַרשפּרײטן תּורה צװישן ייִדן. שמחה האָט נישט געװאָלט הערן:

— איך האָב נאָך פֿיר יאָר קעסט, רבי, און איך גלוסט צום לערנען.

⁂

אײנמאָל זעט שמחה אַז זײַן שװער דער גבֿיר איז זײער צעטראָגן. דער אײדעם האָט געפֿרעגט דעם שװער פֿאַרװאָס ער איז אַזױ צעטומלט און צעשרױפֿט? דער שװער האָט אים אָפּגעענטפֿערט מיט אַ תּירוץ.

— ס׳איז גאָרנישט. איך האָב זיך פֿאַרפּלאָנטערט אין אַ מסחר. עס שטײט מיר פֿאָר אַ היפּשער היזק. אָבער נעם זיך נישט צום האַרצן. ס׳איז נישט בײַ מיר דאָס ערשטע מאָל און מסתּמא נישט דאָס לעצטע מאָל. איך װעל זיך אַרױספּלאָנטערן. דאָס איז מסחר.

עס גײען פֿאַרבײַ אַ פּאָר טעג און שמחה זעט, אַז דער שװערס פּנים איז שװאַרץ װי די ערד. דער אײדעם איז צו אים צוגעשטאַנען:

— שװער־לעבן, דערצײלט, װאָס עס האָט געטראָפֿן. עפּעס איז נישט גלאַט.

דער שװער האָט אױסגעגאָסן זײַן ביטער האַרץ:

— ס׳איז אַ מיאוסע מעשׂה, שמחה. איך האָב זיך אַזױ פֿאַרדרײט אין אַ געשעפֿט, אַז עס האַלט גאָר שמאָל מיט מיר. עס שמעקט מיט באַנקראָט.

שמחה האָט זיך געבעטן:

— שװער־לעבן, לײגט פֿאָר מיר אױס דעם גאַנצן ענין. לאָמיר הערן. אפשר װעל איך אײַך מיט עפּעס קאָנען העלפֿן.

פֿריִער האָט זיך דער שװער געקװענקלט — װאָס װײסט דער לערנער פֿון מסחר? אָבער װען שמחה איז שטאַרק צוגעשטאַנען צו אים האָט דער שװער פֿאַר אים אױסגעלײגט דעם גאַנצן פֿאַרפּלאָנטערטן ענין.

שמחה האָט מיט זיין פלינקן קאָפּ באלד געכאפּט דעם גאנצן עסק. ער האָט זיך אוועקגעזעצט מיט דעם שווער און איבערגעגאנגען מיט אים זייער פּאָרזיכטיק אלע חשבונות. ער האָט אויסגערעכנט אלע מעגלעכקייטן און סוף כל סוף געראָטן דעם שווער צו טאָן אַזוי און אַזוי. זאָל ער פּרובירן דאָס צו טאָן.

אין געציילטע וואָכן איז דער שווער געקומען א פריילעכער, א גליק־לעכער צום איידעם און אַוועקגעלייגט שמחהן אויפן טיש א מתנה א גאָלדענעם זייגער און געזאָגט:

— שמחה, דו האָסט א קאָפּ אויף די פּלייצעס. איך האָב נאָך פאַרדינט אין דעם עסק.

פון דעמאָלט אָן האָט דער שווער אָנגעהויבן מיישב צו זיין זיך מיטן איידעם וועגן אלע געשעפטן. עס זענען ניט אַריבער קיין צוויי־דריי יאָר און שמחה אליין איז געוואָרן א סוחר. אין גאָר א קורצער צייט איז שמחה געוואָרן א גביר. ער האָט נאָך אריבערגעשטיגן מיט זיין עשירות דעם שווער.

שמחה האָט אָנגעהויבן ווייניקער און ווייניקער צו לערנען. וואָס גרעסער עס זענען געוואָרן זיינע געשעפטן, אַלץ ווייניקער האָט ער גע־לערנט. ווען זיינע געשעפטן זענען געוואָרן גאָר גרוי, האָט ער שוין זעלטן גענומען א ספר אין האנט. אמאָל אויף יום־טוב פלעגט ער דאָך אויסמארקירן אריבערצוכאפּן זיך צו זיין רבין, צו רבי דודן. די ערשטע צייטן פלעגט ער בלייבן א פּאָר וואָכן אין דער ישיבה און דערווייל אַריינ־כאפּן אביסל לערנען. וואָס וויטער פלעגט ער בלייבן אַלץ ווייניקער צייט. לעצטנס פלעגט ער קומען שפּעט ערב יום־טוב און אָפּפאָרן מוצאי יום־טוב, גלייך ווי עס פלעגט פינצטער ווערן. ער האָט קיינמאָל קיין צייט נישט געהאט.

רבי דוד האָט געהאט גרויס עגמת נפש פון זיין תלמיד. דער געראָ־טענער שמחה איז גאָר געוואָרן אַ גביר. פאַרלאָרן געגאנגען א גרויסער רב און ראש־ישיבה. אָפט האָט ער גערעדט מיט שמחהן און אים געמוסרט. אָבער עס האָט נישט געהאָלפן. שמחה האָט געטענהט:

— רבי, ווי לאָזט מען איבער אזעלכע גרויסע געשעפטן? הונדערטער מענטשן ציען חיונה פון מיינע מסחרים.

שלמה סיימאָן

קומט איינמאָל רבי שמחה (אַזוי האָט מען שוין אים לאַנג גערופן) צום רבין אויף יום כפור. באַלד מוצאי יום כפור גייט שמחה אריין צום רבין זעגענען זיך. רבי דוד האָט געפרעגט מיט פאַרדרוס:

— שוין אנטלויפסטו? האָסט קיין צייט נישט?

שמחה אַן אָנגעטאָנענער ווי אין וועג אַריין האָט געענטפערט:

— רבי, איך קאָן זיך ניט העלפן. איך האָב דריי זאַוואָדן (פאַבריקן) פון צוקער. איך מוז זען, אַז די בוריקעס, וואָס איך האָב אָנגעקויפט, זאָלן אָנקומען אין צייט און נישט צעפוילט ווערן. זאָל איך נישט אכטונג געבן ווי עס באַדאַרף צו זיין, קאָן איך פאַרלירן די זאַוואָדן. די צוקער־פאַבריקן זענען דער יסוד, דער פונדאַמענט פון מיין עשירות.

רבי דוד האָט אויפגעהויבן ביידע הענט און געזאָגט צו רבי שמחהן:

— שמחה, בייג איין דעם קאָפּ און איך וועל דיך בענטשן.

רבי שמחה האָט געפאָלגט. רבי דוד האָט אָנגעהויבן:

— פאָר געזונטערהייט. זאָל גאָט געבן, אַז די בוריקעס זאָלן אַלע צעפוילט ווערן און דו זאָלסט פאַרלירן אַלע דריי זאַוואָדן. זאָל אַ קללה אַריין אין אַלע דיינע מסחרים און דער אויבערשטער זאָל דיר העלפן, אַז דו זאָלסט פאַרלירן דיין גאַנץ עשירות און דו זאָלסט אָנקומען צו בעטל־ברויט.

— רבי, איז שמחה געוואָרן אַ פאַרציטערטער, מיט געוויין אין האַלדז האָט ער אויסגערופן: — רבי, פאַרוואָס שעלט איר מיך?

רבי דוד האָט געענטפערט:

— נאַרעלע, איך שעלט דיך נישט, איך בענטש דיך. ווען דו וועסט פאַרלירן דיין עשירות, וועסטו זיך אומקערן צו דער תורה. ווען דו וועסט קומען צו בעטל־ברויט וועסטו אָננעמען אַ רבנות־שטעלע און ווערן אַ ראש־ישיבה און פאַרשפּרייטן תורה צווישן יידן. זאָלן אַנדערע יידן זיין נגידים. דו ביסט אַן עושר אין תורה און עס פּאַסט דיר נישט קיין נגידות.

נאָך דעם רבינס ברכה איז רבי שמחה אַוועקגעפאָרן אַהיים, אויפגעגעבן זיינע מסחרים, אַוועקגעגעבן זיין עשירות אויף צדקה און איז געוואָרן אַ רב און אַ ראש־ישיבה און פאַרשפּרייט תורה צווישן יידן.

# דער שאגת אריה

זיין נאָמען איז געווען אריה־לייב, רופן האָט מען אים גערופן ר׳ לייב, באַוווסט און באַרימט איז ער געווען ביי יידן ווי דער „שאגת אריה״. אַלע האָבן אים געקאָנט ביי דעם נאָמען, ווייל ביי יידן פירט זיך אז מען רופט א רב, א גרויסן מענטשן, א יידן וואָס שרייבט ספרים, נאָך זיין ספר נאָך. רבי לייב האָט אָנגעשריבן א פילפּול ספר מיטן נאָמען „שאגת־אריה״, דאָס געשריי פון אַ לייב. דאָס ספר איז באַלד באַליבט געוואָרן ביי אַלע רבנים און למדנים. פון דעמאָלט אָן האָט מען רבי לייבן אָנגעהויבן רופן „דער שאגת־אריה״.

קיין בילד־פאַרשוין איז דער שאגת אריה נישט געווען. אַ קאָפּ האָט ער געהאט א גרויסן; ווי אן עמער די גרויס, האָט מען זיך געוויצלט. זיין נאָז איז געווען א לאַנגע, א פליישיקע, אויגן־אַרויסגעשטאַרצטע, שווארצע גרויסע אויגן די גרויס ווי אייער, און זיי האָבן שטענדיק געשפּריצט מיט פייער. די אויערן זיינע זענען אָפּגעשטאַנען פון קאָפּ ווי צוויי גרויסע קירבעס־בלעטער. ער איז געווען נישט קיין הויכער, אַ ברייטפּלייציקער, א שווער־לייביקער, אָבער זייער א רירעוודיקער. א כעסן איז ער געווען, אַז גאָט זאָל שומר און מציל זיין. יעדע קליניקייט פלעגט אים אַריינ־ברענגען אין אַ גרימצאָרן. זיין קאָפּ האָט געארבעט פלינק, בליץ־שנעל און ער האָט נישט געהאט קיין געדולד פאר דעם דורכשניטלעכן מענטשנס תפיסה. נאָר עפּעס וואָס ער האָט נישט געכאַפּט אַזוי גיך וואָס ער מיינט, פלעגט ער אַריינפאלן אין א כעס. פארשטייט זיך, אז מען האָט אים צו שטאַרק נישט ליב געהאט.

ער איז געווען פריער רב אין וואלאזשין, נאָכדעם אין מינסק און צום סוף אין מעץ.

ער איז קיינמאָל גוט נישט דורכגעקומען מיט די באלעבאטים פון שטאָט. עס ווערט דערציילט, אז איינמאָל האָט ער געהאלטן א דרשה אין וואלאזשין. די דרשה איז געווען אזא טיפע, אז קיינער אפילו פון די וואָ־לאָזשינער לומדים האָט נישט פארשטאַנען וואָס דער שאגת אריה האָט געדרשנט, און וואָלאָזשין איז געווען א שטאָט פול מיט למדנים. עס פירט זיך, אז נאָך דער דרשה קומען צו די באַלעבאטים צום רב און ווינטשן אים אַ יישר־כוח — געשטאַרקט זאָלט איר זיין — אַ דאַנק מיינט עס. נאָך יענער דרשה איז קיינער פון די וואָלאָזשינער באלעבאטים צו אים נישט צוגעגאנגען. דער שאגת אַריה איז שנעל ארויף אויף דער בימה, א פאטש געטון אין שולחן און אויסגערופן:

— וואָלאָזשינער באלעבאטים, לומדים און שיינע יידן, איר זאָלט ויסן, אז איר זייט נאָך גרעסער פון מלאכים. יחזקאל הנביא האָט אונדז דערציילט, אז די מלאכים וואָס שטייען אַרום גאָט, לעבן כסא הכבוד, האָבן קעלבערנע פיס און איר האָט קעלבערנע קעפּ.

דערפאר טאַקע האָט פאסירט ווען דער שאגת אריה האָט געבעטן א הוספה אויף זיינע שכירות, גאָר א קליינע הוספה, האָט וואָלאָזשין אָפּגע־זאָגט זיך אים צו געבן די פּאָר גראָשן. און מער ווי קיין גראָשנס האָט ער נישט געבעטן. דער שאגת אריה איז אוועק פון וואָלאָזשין און איז געוואָרן רב אין מינסק.

אין מינסק האָט ער זיך לאנג נישט געהאלטן. ער איז אזוי דער־גאַנגען די יאָרן די באַלעבאַטים, אז אין א שיינעם טאָג האָט מען אים און זיין פאַמיליע אַוועקגעזעצט אויף אַ וואָגן געשפּאנט צו א פּאָר אָקסן און זיי ארויסגעשיקט פון שטאָט.

אַרויסגעשיקט צו ווערן אויף א וואָגן געשפּאנט אין אָקסן האָט זיך גערעכנט פאר א גרויסן בזיון. הינטערן שטאָט האָט דער שאגת אריה אָפּגעשטעלט דעם וואָגן, א קער געטאָן דעם פּנים צו דער שטאָט און אויסגערופן:

— מינסק, מינסק, דו ברענסט נאָך נישט?

אָבער דאָס וואָס מען האָט אים אַזוי מיאוס אַרויסגעטריבן פון מינסק

האָט אים זייער שטאַרק באומרואיקט: מינסק איז א מוטער־שטאָט ביי יידן. ווען אַזאַ קהלה האָט אים אַרויסגעטריבן מיט בושה איז אַ סימן אַז זיין הנהגה — אויפפירן זיך, איז נישט ווי עס באדארף צו זיין. ער האָט געזינדיקט קעגן יידן.

דער שאגת אריה האָט אויף זיך גענומען א שטראָף: ער איז אַוועק אָפּריכטן גלות.

ער איז געגאנגען פון דאָרף צו דאָרף, פון שטאָט צו שטאָט, פון מדינה צו מדינה — נע־ונד. ווו ער האָט געטאָגט דאָרט האָט ער נישט גענעכ־טיקט. ביי קיין פרעמדן טיש האָט ער נישט געגעסן — חוץ שבתים. ער איז געווען אָנגעטאָן אין אַ לאַנגן לייוונטענעם קאַפּטאַן אַרומגעגאַרטלט מיט אַ שטריק. אויף דעם שטריק איז געהאָנגען אַ טאָפּ, אַ לעפל, אַ לייוונט זעקעלע אָנגעפילט מיט גריץ. ווען ער איז אָנגעקומען אין א שטאָט איז ער פארגאנגען אין הקדש. דאָרט אָפּגעקאָכט פאר זיך א געקעכץ אין זיין אייגענעם טאָפּ, געגעסן דאָס געקעכץ פון טאָפּ מיט זיין אייגענעם לעפל, איבערגענעכטיקט און געגאנגען ווייטער.

אזוי האָט ער געוואנדערט ביז ער איז אָנגעקומען אין קעניגסבערג, אין פרייסן. דאָרט איז נישט געווען קיין הקדש פאַר אָרעמעלייט, האָט ער זיך נאָכגעפרעגט ווו עס וווינט דער רב. מען האָט אים אָנגעוויזן די שטוב פון רב, דער שאגת אריה איז אַריין אין קיך און א בורטשע געטון צו דער דינסט:

— נאַ דיר א טאָפּ גריץ און קאָך מיר אָפּ א געקעכץ.

די דינסט האָט א קוק געטון אויף דעם משונהדיקן אָרעמאַן און פון שרעק אַרויסגעלאָזן א קוויטש. די רביצין איז אַריינגעלאָפן אין קיך. דער שאגת אריה האָט זיך א בייזער געטון:

— וואָס שרייט זי די בהמה? נאַ, נעם דעם טאָפּ און די גריץ און קאָך מיר אָפּ א געקעכץ.

די רביצין האָט פאַרשטאַנען אַז ס׳איז נישט גלאַט אַזוי אַן אָרעמאַן, האָט זי אים געבעטן צוווארטן און אליין איז זי אַריין צום רב און אים דערציילט, אַז עס איז געקומען זייער אַ מאָדנער אָרעמאַן און הייסט זיך אָפּקאָכן גריץ אין זיין אייגענעם טאָפּ.

דער רב האָט געהייסן דער רביצין נישט אָפּצוזאָגן דעם אָרעמאַן און

ער אַליין איז אַרויס אין קיך און פאַרבעטן דעם נע־וונדניק צו זיך אין קאַבינעט.

דער קעניגסבערגער רב האָט געלעבט רייך און ברייט ווי עס פּאַסט פאַר אַ רב פון אַזאַ גרויסער שטאָט. דער שאגת אריה האָט באַקוקט די צימערן, די הלבשה, די אָנטועכץ פון רב און א קער געטון זיך מיט א בייזער פראגע צו אים:

— קעניגסבערגער רב, אזויפיל צייט פארשווענדט איר אויף נאריש־קייטן, ווען האָט איר צייט אָפּצוגעבן זיך צו תורה לערנען און ווערן א למדן?

דער רב האָט אים נישט געענטפערט, ער האָט אים אַריינגעפ־רט צו זיך אין צימער, אים אָוועקגעזעצט אויבנאָן און פארפירט מיט אים א שמועס און באלד אריבער צו דברי תורה. דער שאגת אריה האָט אָנגעהויבן ווייזן וואָס ער קאָן, אָנגעהויבן פרעגן קשיה נאָך קשיה. דער קעניגס־בערגער רב, וואָס איז אויך געווען א גרויסער למדן, האָט געענטפערט אויף די אלע קשיות. דער שאגת אריה האָט אים אָפּגעפרעגט, דער קע־ניגסבערגער רב האָט זיך נישט אונטערגעגעבן. אזוי האָבן זיי גערעדט אין לערנען א לאנגע צייט ביז דער שאגת אריה האָט אים געפרעגט גאָר א הארבע קשיה. דער רב האָט אים געענטפערט. דער שאגת אריה האָט אים אָפּגעפרעגט. דער רב האָט רואיק א מאך געטון מיט דער האנט:

— איר, פרעמדער ייד, זענט טאַקע אַ גאון, אָבער איר קאָנט נישט אָפּפרעגן מיין תירוץ. ווייל דער אמת איז, ס׳איז נישט מיין תירוץ, ס׳איז דעם שאגת אריהס א סברה.

און אזוי רעדנדיק גייט ער צו צום אלמער ספרים נעמט ארויס דעם „שאגת אריה״, מישט אויף א בלעטל און ווייזט אים דעם פרעמדן: נאָט זעט!

מער האָט דער אורח נישט גערדאַרפט. ער האָט זיך אויפגעשטעלט, אַ קלאַפּ געטון מיטן קולאק אין טיש און אויסגעשריען:

— ווען דער שאגת אריה שטייט אין אַלמער ספרים איז ער ביי אייך א בר סמכא (אַן אויטאָריטעט) און ווען ער שטייט פאר אייך אויף די פיס אַ לעבעדיקער, איז ער ביי אייך אַ שלעפּער, אַ בעטלער, אַ נע־וונדניק!

ווען דער קעניגסבערגער רב האָט דערהערט ווער דער אורח איז,

האָט ער שוין אים מער נישט אָפּגעלאָזט. ער האָט אים באַזעצט אין שענסטן און בעסטן צימער פון הויז, אים באַקליידט און אים נישט געלאָזן מער אָפּריכטן גלות. דער קעניגסבערגער רב האָט געהאַט אַ מיין דערביי. אין שטאָט זענען געקומען שלוחים פון מעץ צו פאַרבעטן דעם קעניגסבערגער רב אויף דעם כסא הרבנות פון מעץ. דער קעניגסבערגער רב איז געקומען צו זיי און געזאָגט:

— דאָ אין שטאָט געפינט זיך איצט דער שאגת אריה וואָס איז מער ראוי ווי איך צו זיין רב אין מעץ. ער איז דאָך דער גאון פון זיין דור.

דער שאגת אריה איז געבליבן רב אין מעץ ביז זיין טויט. ער איז געשטאָרבן אין אַ טיפן עלטער, ער איז געווען ביים טויט איבער נײַנציק יאָר. געשטאָרבן איז ער אין אַן אומגליק־צופאַל. ער איז צוגעגאַנגען צום אַלמער ספרים אַרויסנעמען אַ ספר — און דער גאַנצער אַלמער ספרים איז אומגעפאַלן אויף אים. אַ שעה שפּעטער, ווען מען האָט אים אַרויסגענומען אַ האַלב־טויטן פון אונטער דעם בארג ספרים האָט ער אַ לאַך געטון:

— חכמים אַזוי צו בייקומען מיך. אַלע מחברים, די קעגנער מיינע, און די וואָס זענען נישט מסכים מיט מיר, זענען אַלע מיטאַמאָל אַ פאַל געטון אויף מיר, האָבן זיי מיך בייגעקומען. אָבער ס׳איז קיין חכמה נישט אַזוי מנצח צו זיין אַן אַלטן יידן.

# אויסרב

אין אַ שטעטל אין אַמאָליקער גאַליציע האָט געלעבט אַ ייד אַ שניידער מיטן נאָמען חיים. דער ייד האָט געהאַט אַ בן יחיד מיט גאָר אַ שאַרף קעפּל, מיטן נאָמען יעקבֿ־יוסף. דאָס יינגל האָט געלערנט אין חדרים, ווי דער שטייגער איז געווען ביי יידן און אַלע מלמדים האָבן אָנגעקוואָלן פון אים. ווען יעקבֿ־יוסף איז אַלט געוואָרן דרייצן יאָר האָט דער טאַטע אַוועקגעשיקט זיין בן יחיד אין אַ גרויסער ישיבה, ווי דער מנהג איז געווען אין יענע צייטן. דאָס יינגל האָט אָבער לאַנג נישט געלערנט אין דער ישיבה. אַ יאָר נאָכדעם ווי יעקבֿ־יוסף איז אַוועקגעפאָרן פון דער היים איז דער טאַטע זיינער קראַנק געוואָרן, זיך פאַרקילט. אָבער פון דער פאַרקילונג האָט ער געקראָגן אַ לונגען־פעלער און איז געשטאָרבן. עס איז געבליבן אַן אַלמנה מיט צוויי קליינע יתומימלעך — צוויי מיידלעך, ניין און זיבן יאָר אַלט. יעקבֿ־יוסף איז אַלט געווען פערצן יאָר און איז געוואָרן דער שפייזער פון דער משפּחה.

ער איז געקומען אַהיים. ווי יונג ער איז געווען, האָט זיך געפונען אַ ישובניק, וואָס האָט אים גענומען פאַר אַ מלמד פאַר זיינע יינגלעך. ער האָט אים געגעבן עסן און טרינקען און דרייסיק קראָנען אַ זמן.

דריי יינגלעך האָט דער ישובניק געהאַט. קיין סך לערנען האָט יעקבֿ־יוסף נישט געקענט מיט זיי. זייערע קעפּ זענען געלעגן מער ביי די פערד אין שטאַל און קי אין פעלד ווי ביים ספר אויפן טיש. יעקבֿ־יוסף האָט געהאַט אַ סך פרייע צייט. נישט נאָר האָט ער געהאַט די אָוונטן און נעכט פאַר זיך, נאָר אָפט האָט פּאַסירט, אַז אין מיטן טאָג זענען די

יינגלעך אויסגערונען און דער מלמד איז געבליבן זיצן אַליין מיטן אָפּע־נעם ספר אויפן טיש.

יעקב־יוסף האָט געלערנט פֿאַר זיך. ער האָט מיטגענומען אין דאָרף די מסכתא בבא קמא, די איינציקע גמרא, וואָס ער האָט פֿאַרמאָגט. איז ער דורכגעגאַנגען די מסכתא איינמאָל, צוויי מאָל, צען מאָל ביז ער איז געווען קלאָר אין יעדער שורה און געקאָנט אפילו די שולי הגוילים, די ראַנד־באַמערקונגען, אויף אויסווייניק. אַז ער איז פֿאַרטיק געוואָרן מיט דער מסכתא האָט ער גענומען נישטערן צווישן דעם ישובניקס עטלעכע ספרים, האָט ער געפֿונען אַ גאַנג חומשים און אַ ׳שוואַרבע״ מיט ל״ב פּירושים. יעקב־יוסף האָט זיך גענומען צום תנ״ך. חנוכה צייט האָט ער געהאַט ביי זיך אין קאָפּ פֿאַרשלאָסן גאַנץ תנ״ך. מער קיין ספרים זענען נישט געווען אין שטוב. דאָס בחורל איז טרויעריק געוואָרן. וואָס טוט מען איצט?

דער ישובניק האָט געזען, אַז זיין רעבטשיק (אַזוי האָט ער גערופֿן דאָס מלמדל, ווייל ער איז געווען זייער יונג) גייט אַרום אַ טרויעריקער עפּעס גאָר אָן אַ קאָפּ, האָט ער אָנגעהויבן חוקר ודורש זיין. יעקב־יוסף האָט אים דערציילט זיין ביטער האַרץ. דער ישובניק האָט זיך אַ פּאַטש געטון אין די זייטן:

— דאָס גאָר! אַבי איך האָב געמיינט, אַז עס געפֿעלט דיר נישט מיין קעסט. פֿאַרך נישט, דאגה נישט און נעם זיך נישט צום האַרצן. דאָ, אין צווייטן דאָרף, וווינט אַן אלמנה, האָט זי אַ גאַנצן אַלקער מיט פֿולע פּאָ־ליצעס מיט ספרים. איר מאַן איז געווען אַ ייד אַ למדן. קיין קינדער האָבן זיי נישט געהאַט, איז נישטאָ ביי איר ווער עס זאָל דורכלופּטערן אַ ספר.

יעקב־יוסף איז אַוועק צו דער אלמנה אין צווייטן דאָרף. זי האָט אים אַריינגעפֿירט אין אַ צימער, ווו עס זענען געשטאַנען אַלמערס און אַל־מערס מיט ספרים. יעקב־יוספֿס האַרץ איז געוואָרן לענגער און ברייטער. אַ קלייניקייט! אַ ש״ס בבלי געדרוקט אין ווילנע און אַ תלמוד ירושלמי געדרוקט אין לובלין. היינט פּוסקים: ראשונים און אחרונים. אַלערליי פּלפּול־ספרים. אַ שאַץ־קאַמער, אַן אוצר!

יעקב־יוסף האָט געבעטן דער אלמנה זי זאָל אים לייען אַ גמרא. ער

וועט אָנהייבן מיט ברכות. די אלמנה האָט זיך געקווענקלט: זי היט אָפּ די ספרים ווי דימענטן. זי האָט מורא אויסלייען צו אַ פרעמדן.

דאָס ייִנגל איז געבליבן שטיין אַ בלייכער, אַ פאַרלוירענער, געצופּט מיט די הענט די פּאָלע פון זיין קאַפּאָטע. די אלמנה האָט אַ קוק געטון אויף דעם דערשלאָגענעם ייִנגל, האָט אַ זיפץ געטון און געזאָגט:

— אָט אַזוי איז געווען מיין מאַן עליו השלום. שטענדיק פאַרקאָכט אין לערנען.

זי האָט אַ טיפן זיפץ געטון:

— פאַר אַ ספר וואָלט ער אַוועקגעגעבן זיין לעבן. טאָג און נאַכט רק געלערנט. ווען איך גיב נישט אַכטונג אויף דער קרעטשמע וואָלטן מיר געשטאָרבן פון הונגער. ער האָט קיינמאָל נישט געוווסט אויף וואָסער וועלט ער איז. ווען איך טראָג אים נישט צו דאָס עסן פאַסט ער גאַנצע טעג.

יעקב־יוסף איז געשטאַנען און געהערט איר רעדן און נישט געהערט וואָס זי זאָגט. זיינע אויגן זענען געווען צוגעקלעפּט צו די ספרים. די אלמנה האָט אַ זיפץ געטון:

— איך וואָלט געשווירן, אַז דו האָסט נישט געהערט קיין וואָרט וואָס איך האָב געזאָגט. אָט פונקט ווי מיין מאַן. מילא נאַ דיר די גמרא ברכות. אָבער געדענק! היט זי אָפּ: פאַרפלעק זי נישט, קער נישט איבער די בלעטלעך מיט אַן איינגענעצטן פינגער און פאַרבייג נישט קיין בלעטלעך. ווילסטו מאַכן אַ סימן, לייג אַריין אַ פאָדים פון אַ ציצה.

יעקב־יוסף האָט גענומען די גמרא און איז צוריקגעלאָפן צום ישובניק. צוריקגעלאָפן טאַקע, נישט געגאַנגען. און באותו יום — גלייך אין דעם זעלביקן טאָג, זיך געזעצט לערנען. ער האָט געשלונגען די בלעטער. אין איין וואָך איז ער פאַרטיק געוואָרן מיט דער מסכתא און זי צוריק געבראַכט צו דער אלמנה. זי האָט אים געגעבן אַן אַנדער מסכתא. אין אַ וואָך אַרום האָט ער איר צוריקגעבראַכט די צווייטע מסכתא. די אלמנה האָט ביי אים צוגענומען די גמרא, זי אַריינגעשטעלט אין אַלמער ספרים, זיך פאַרקרימט, אַ שאָקל געטון מיט דעם קאָפּ און אָן חשק אים געגעבן אַן אַנדער גמרא. דאָס בחורל האָט זיך געוווּנדערט:

— פאַרוואָס האָט זיך די אלמנה געקרימט? דוכט זיך, אַז איך בין

געוועזן אָפּגעהיט און צוריקגעבראַכט די גמרא נישט קיין באַפּלעקטע, חלילה, נישט צעריסן אָדער פאַרבויגן אַ בלעטל. טאַקע, פאַרוואָס איז זי ברוגז?

ער האָט אויסגעפונען פאַרוואָס די אלמנה איז אָנגעבלאָזן ווען ער האָט צוריקגעבראַכט די דריטע גמרא. זי האָט ביי אים צוגענומען די מסכתא און אַרויסגעפּלאַצט:

— דו וועסט דאָך מיר צערייסן אַלע גמרות. אַן איינפאַל! אַלע וואָך אַ גמרא.

יעקב־יוסף האָט עס אַריינגענומען אין קאָפּ: טאַקע, וואָס יאָגט ער זיך? וואָס לויפט ער, ווי עמיצער וואָלט אים מיט אַ בייטש געטריבן?

פון דעמאָלט אָן האָט ער נישט צוריקגעבראַכט קיין גמרא ביז ער האָט געקענט די מסכתא אויף אויסווייניק.

צוליב דער אלמנהס ספרים איז יעקב־יוסף אָפּגעוועזן פיר יאָר אין דאָרף. אין דער צייט איז ער קלאָר געוואָרן אין גאַנץ ש״ס. אָבער טאַקע אויף אויסווייניק, אָט ווי אַ ייד קען „אשרי״ — דאַרף נישט אַריינקוקן אין סידור.

יאָרן זענען אַוועק, יעקב־יוסף האָט חתונה געהאַט מיט אַן אָרעם פרום מיידל, זיך באַזעצט אין קראָקע און איז געוואָרן דאָרט אַ גמרא־מלמד.

אין שטאָט האָט מען געוווּסט, אַז יעקב־יוסף דער גמרא־מלמד איז אַ ייד אַ למדן. אָבער מען האָט אים אפילו נישט באַטיטלט מיט רב. קאַרגע למדינם מלמדים זענען אין קראָקע? חוץ דעם איז ער דאָך אַ גמרא־מלמד, וואָס לערנט מיט בר־מצווה בחורים. אַזאַ ייד איז מחוייב צו זיין אַ למדן.

יעקב־יוסף האָט געוווינט אין קראָקע פולע צוואַנציק יאָר. אַ קבצן, אַ דלפן איז ער געווען ווי אַלע מלמדים, אָבער ער האָט זיך פאַר קיינעם נישט באַקלאָגט. ער האָט אָנגענומען זיין גורל באהבה. שייך, ער פאַרדינט דאָך נאָך אַביסל מער ווי זיין טאַטע דער שניידער האָט פאַרדינט. ברויט איז דאָ צום זאַט. עס בלייבט אַמאָל אויך אויף אַ שוך און אַ קלייד פאַר זיך און ווייב און די צוויי קינדער. און מלמדות איז דאָך אַן עבודת השם. אפילו ווען מען אַרבעט לערנט מען דאָך אויף גאָטס תורה, וואָס דאַרף ער נאָך?

## שלמה סיימאָן

יעקב־יוסף וואָלט אַזוי אָפּגעלעבט זיין גאַנץ לעבן און קיינער וואָלט זיך אויף אים נישט אומגעקוקט. טרעפט אָבער, אַז אין פראַנקפורט שטאַרבט דער רב ר׳ ישעיה און פאַרן טויט זאָגט ער אָן די פּרנסים פון שטאָט:

— איר זאָלט וויסן, פּרנסי העיר, אַז ביי מיר אין שופלאָד, וואָס שטייט לעבן אַלמער ספרים, ליגט אַ שטיקל פאַרשריבן פּאַפּיר. דאָרט האָב איך פאַרשריבן דריי האַרבע קשיות און די ענטפערס. לאָזט זיך איבער די שטעט און שטעטלעך פון תפוצות ישראל און רעדט אין לערנען מיט ראשי ישיבות, רבנים אָדער סתם יידן למדנים. דער, וואָס וועט קענען פאַרענטפערן די דריי קשיות, זאָל זיין מיין ממלא מקום דאָ, אין פראַנק־פורט.

נאָך דער קבורה האָבן זיך צוויי פּרנסים פון פראַנקפורט אַוועקגעלאָזן איבער דער מדינה. זיי האָבן קיינעם נישט דערציילט פון רבי יהושועס צוואה. אָבער וווהין זיי זענען געקומען האָבן זיי גערעדט מיט שיינע יידן אין לערנען און געשטעלט זיי די דריי קשיות. פאַרשטייט זיך, יעדער למדן האָט זיי פאַרענטפערט אויף זיין שטייגער, אָבער די תירוצים האָבן נישט צופרידן געשטעלט די פּרנסים.

נאָך חדשים אַרומפאָרן זענען זיי אָנגעקומען אין קראָקע. די קראָ־קעווער יידן דערהערט אַז צוויי פּרנסים פון פראַנקפורט זענען גע־קומען אין שטאָט, האָבן זיי מקבל פּנים געווען די שענסטע באַלעבאַטים. ווי עס פּירט זיך צווישן יידן, האָט מען גערעדט אין לערנען. די פּרנסים שטעלן די דריי קשיות פון רבי ישעיה און קיין ריכטיקע תירוצים הערן זיי אויך נישט אין קראָקע. ס׳איז אַוועק אַ גאַנצע וואָך און זיי זענען געבליבן אויף שבת.

אין יענעם שבת האָט איינער פון די שענסטע באַלעבאַטים געפּראַוועט אַ ברית. ער האָט איינגעלאַדן די פראַנקפורטער פּרנסים אויף דער סעודת־מצווה. ביים עסן האָט מען, ווי דער שטייגער ביי יידן, גערעדט תורה. דעם באַלעבאָס עלטערער יינגל, אַ בחורל פון אַ יאָר צוועלף האָט געהאַלטן אַ פּילפּול, וואָס דער מלמד האָט אים אויסגעלערנט. אין אָט דער דרשה האָט דאָס יינגל פאַרענטפערט די אַלע דריי קשיות פון רבי

ישעיהן. די תירוצים זענען געווען כמעט וואָרט און וואָרט ווי דער פראַנקפורטער רב האָט אויפגעשריבן.

די פרנסים האָבן באַלד גענומען נאָכפרעגן ווער דער מלמד איז. מען האָט זיי אָנגעוויזן אויף יעקב־יוספן, וואָס איז געזעסןביים עק טיש.

מוצאי שבת זענען געקומען צו אים די פראַנקפורטער פרנסים און אים פאָרגעלייגט אַ כתב רבנות. יעקב־יוסף האָט זיי אָנגעקוקט ווי זיי וואָלטן געווען חסר דעה:

— וואָס טוט איר, פרנסים פון פראַנקפורט? איך בין אַ פּראָסטער גמרא־מלמד. ווי קום איך צו פאַרנעמען דעם כסא־הרבנות פון פראַנק־פורט, וווּ עס זענען אַלעמאָל געזעסן גאונים, צדיקים און גדולי הדור?

זיי האָבן אים געוויזן רבי ישעיהס צוואה מיט די דריי קשיות און ענטפערס. יעקב־יוסף האָט אַ פּיר געטון מיט די אויגן, אַ קוועטש גע־טון מיט די פּלייצעס און געזאָגט:

— כבודו במקומו מונח, רבי ישעיה איז געווען אַ ייד אַ גאון, אַ גדול בישראל, אָבער ער האָט נישט געהאַלטן קיין סך פון אונדזער דור. אַז נישט וואָלט ער נישט געלאָזן אַזעלכע דריי קשיות. דאָס זענען דאָך קשיות פאַר חדר־יינגלעך.

די פרנסים האָבן זיך איבערגעקוקט און אָנגעהויבן רעדן מיט אים אין לערנען. ס׳איז דאָך נישט שייך, מלא וגדוש, אַן אוצר בלום, אַן איי־זערנע קאַסע פול מיט באַזונדערע קעמערלעך, וווּ עס ליגן גאָלד און זילבער, דימענטן און פּערל. אַ ייד וואָס איז פול מיט ש״ס און פּוסקים, ספרי, ספרא, ראשונים און אחרונים. די האָר שטעלן זיך קאַפּויער.

זיי זענען געזעסן מיט אים ביז שפּעט אין דער נאַכט, איינגעטענהט — ס׳האָט נישט געהאָלפן. אויף מאָרגן זענען זיי ווידער געקומען. ער האָט זיך אָפּגעזאָגט אפילו צו רעדן מיט זיי: איך בין אַ שכיר־יום, אַ מלמד. דער טאָג איז נישט מיינער, איך טאָר נישט בטלענען קיין צייט.

עס האָט גאָרנישט געהאָלפן. די פרנסים זענען אַוועקגעפאָרן מיט ליידיקן.

טרעפט זיך אַ פּאָר וואָכן שפּעטער און ר׳ יעקב־יוסף ווערט קראַנק.

ער ליגט אין בעט אַ וואָך, צוויי און דריי און בעסערט זיך נישט. זעצט ער זיך אויף און זאָגט:

— איך זע שוין, רבונו של עולם, אַז דו ווילסט איך זאָל פאָרן קיין פראַנקפורט און ווערן דאָרט רב. נו, איך וועל נאָכגעבן דיין רצון. אָבער דו זאָלסט וויסן, רבונו דעלמא כולו, אַז מיין רצון איז נישט דערביי. איך וויל נישט מאַכן די תורה אַ קרדום לחפור בה, אַ רידל צו גראָבן מיט אים, פרנסה האָבן פון דער תורה אויף מיינע עלטערע יאָרן. נאָר איך גיב זיך אונטער.

ר׳ יעקב־יוסף איז געוואָרן רב אין פראַנקפורט. אָבער מער ווי דריי יאָר איז ער רב נישט געווען. ער איז געוואָרן אויס רב צוליב אַזאַ מעשה:

איינמאָל אַ דאָנערשטיק קומט צו אים אַ פרוי מיט אַ שאלה וועגן אַ הון. ר׳ יעקב־יוסף איז געזעסן אין בית־דין־שטיבל און גערעדט מיט די דיינים אין לערנען. ווען די פרוי האָט אים דערלאַנגט די הון האָט ער אַ קוק געטון און דערזען — ס׳איז נישטאָ קיין שמץ ספק, אַז דאָס עוף איז טריף. האָט ער אַ זאָג געטון, נישט קוקנדיק אויף דער פרוי: טריף. אָפּגעזאָגט האָט ער ווידער געצויגן דעם שמועס מיט די דיינים.

די פרוי איז אָבער נישט אַוועק. זי האָט זיך אַ שטעל געטון און אויסגעשריען מיט וויטיק:

— איר האָט נישט קיין יידיש האַרץ. איר זענט אַ גזלן טריף צו מאַכן די עוף.

אַ דיין איז אויפגעשפרונגען אַ פאַרציטערטער און אויסגערופן:

— חצופה, שוויג! ווייסט, פאַר וועמען דו שטייסט?

רבי יעקב יוסף האָט אים צוריקגעהאַלטן:

— ניטע, ניטע, רעד, טאָכטער.

די פרוי האָט זיך צעוויינט.

— מיין מאַן אין קראַנק. אַ שניידער, געקראָגן אַ לונגען־פעלער. איך האָב געליען דאָס געלט צו קויפן די הון דערקוויקן זיין האַרץ. טוט איר אַ קוק, איין קוקעלע נאָר, און טוט זיך אַ זאָג: טריף. ווען איר וואָלט געהאַט אַ יידיש האַרץ וואָלט איר געפונען אַ היתר. נישקשה די תורה איז גרויס.

רבי יעקב יוספן האָט אַ ריס געטון אין האַרצן: אַ שניידער און גע־קראַגן אַ לונגען־פעלער. ער האָט געענטפערט מיט צער:

— פאַרפאַלן, טאָכטער, איך האָב שוין אַרויסגערעדט, אַז עס איז טריף. פאַרפאַלן. אָבער זאָג מיר וויפל עס האָט געקאָסט דאָס עוף וועל איך דיר אומקערן דעם היזק.

— קיין צדקה וויל איך נישט, האָט די פרוי געענטפערט. אַלעמאַל האָבן מיר געלעבט פון אייגענער פראַצע. אויף דער עלטער וועל איך נישט אָנהייבן נעמען קיין קצבה.

זי איז אַרויס פון שטוב. די דיינים זענען געוואָרן אויפגעקאָכטע פון דער יידענעס חוצפה, אָבער רבי יעקב יוסף איז אַריין צו זיך אין חדר און פאַרשלאָסן די טיר.

מוצאי שבת האָט ער געלאָזט וויסן די פרנסים, אַז ער גיט אויף דעם רבנות־שטול. קיין שום טעם האָט ער נישט אָנגעגעבן. וויפל מען איז צו אים צוגעשטאַנען האָט ער נישט נאָכגעגעבן.

די דיינים האָבן אָבער פאַרשטאַנען אַז זיין אָפּזאָגן זיך פון רבנות האָט צו טון מיט דער יידענעס שאלה. זיי האָבן אים עס געזאָגט. רבי יעקב יוסף האָט אַ זיפץ געטון און געענטפערט:

— יאָ, טאַקע. די פראָסטע אשה האָט מיך אַרויפגעפירט אויף דעם ריכטיקן וועג. וואָס בין איך געוואָרן אויף דער עלטער? גאָטס שומר? איך בין מחוייב צו ווערן זיין שליח צו טריף מאַכן יידיש האָב און גוטס און פאַרשאַפן צער אַ קראַנקן יידן?

די דיינים האָבן אויפגעשטעלט מויל און אויערן. רבי יעקב יוסף האָט ווייטער גערעדט:

— טוט אַ קוק אין חד גדיא. דוכט זיך אַ פּראָסט זמרל. אָבער דאָרט שטעקט גרויס חכמה. עס שטייט דאָרט, אַז גאָט האָט געקוילעט דעם מלאך המות, וואָס האָט געקוילעט דעם שוחט פאַר דער זינד, וואָס ער האָט געקוילעט דעם אָקס. פרעגט זיך וואָס איז דער מלאך המות שולדיק וואָס ער האָט געקוילעט דעם שוחט? ער האָט דאָך דורכגעפירט גאָטס שליחות. פאַרוואָס קומט קוילן דעם מלאך המות? נאָר דאָס לערנט אונדז, אַז אַ מלאך המות איז אַ מלאך המות אפילו ווען ער קוילעט אַ יידן אפילו על פי דין — אין גאָטס שליחות.

## שלמה סיימאָן

ער האָט אַ זיפץ געטון:

— איך וויל נישט זיין דער פּוסק, וואָס נעמט צו דעם לעצטן ביסן פון אַ יידן און אָרעמאַן, אפילו ווען עס איז על פּי דין.

עס האָבן נישט געהאָלפן דאָס איינטענהן פון די דיינים, די רייד פון די פּרנסים און דאָס געוויין פון דער רביצין. יעקב יוסף איז געוואָרן צו־ריק אַ גמרא מלמד.

די שטאָט פראַנקפורט איז געבליבן לאַנג, לאַנג אָן אַ רב. כל זמן רבי יעקב יוסף האָט געלעבט האָט מען נישט אויפגענומען קיין רב אין דער גרויסער שטאָט פראַנקפורט.

# פיקוח נפש

אין שטעטל פעטריקאָוו האָבן געלעבט צוויי חברים: ר׳ ברוך און ר׳ שלמה. ר׳ ברוך איז געווען דער דיין און ר׳ שלמה איז געווען דער רב. ר׳ שלמה איז געווען אַ רב בן, בן הרב, ביז דעם פערטן דור. ער איז געווען אַ למדן, אַ חריף אַ בקי און אַ גרויסער ירא שמים. ר׳ ברוך איז געווען אַ זון פון אַ טאַטן אַ בעל־עגלה און אַ מאַמע אַ ליכטציערין. ער איז געווען באַקאַנט אין גאַנץ ווייס־רוסלאַנד ווי דער פעטריקאָווער עלוי.

דער רב און דער דיין זענען געווען חברים פון זייער פריעסטער יוגנט. ר׳ שלמה דער רב איז געווען עלטער פון ר׳ ברוכן דעם דיין מיט גאַנצע פיר יאָר, דאָך זענען זיי געווען חברים נאָך פון חדר. געלערנט ביי די זעלביקע מלמדים און דערנאָך אין די זעלביקע ישיבות.

ר׳ ברוך, ווען ער איז אַ קינד געווען, איז געווען אַ שוואַך, קראַנק, בלייך יינגל. ער האָט אָנגעהויבן גיין אין חדר אין עלטער פון זעקס יאָר, וואָס אין יענע יאָרן איז עס געווען אַן אויסנאַם, געוויינטלעך האָט אַ יינגל אָנגעהויבן גיין אין חדר צו דריי אָדער פיר יאָר. די מאַמע האָט אים געבראַכט צום דרדקי מלמד „נחום דאָס קרומע הענטל" און געזאָגט צו אים:

— ר׳ נחום, דאָס יינגל איז ביי מיר אַ בן־יחיד, אַ ציטערדיקער, איינער פון פיר געבליבן. דערצו איז ער אַ שוואַך קינד. רירט אים נישט אָן. געדענקט, וועט איר לייגן אַ האַנט אויף אים, וועל איך זיך אַ מעשה אָנטון. שכר־לימוד וועט איר ביי מיר קריגן ווי מיין מאַן וואָלט געווען דער גביר פון שטעטל.

דער מלמד האָט צוגעזאָגט. ווען זי איז אַוועק האָט ער זיך אַ קרים געטון:

— נאַדיר אַ נייער מיוחס! עפּעס אַ קליינינקייט, ברוך גוטע דעם בעל־עגלהס בן־יחיד! מסתמא אַ קאָפּ ווי זיין טאַטנס, אָנגעפּילט מיט האָבער.

אַ חודש שפּעטער איז דער מלמד געקומען צו גוטע דעם בעל־עגלה אין שטוב. ער האָט געטראָפן רחל־לאהן זיין ווייב. ער האָט צו איר געזאָגט קורץ, ווי מען רעדט צו אַן אשה:

— איר דאַרפט אים אַרויסנעמען פון מיין חדר. איך קען מיט אים נישט לערנען.

די פרוי איז געוואָרן אַן אויפגעציטערטע:

— פאַרוואָס זאָלט איר אונדז אָנטון אַזאַ בושה, ר׳ נחום? אויב דאָס יינגל שטיפט צופיל מעגט איר אים געבן אַמאָל אַ פעטשעלע. נישט חלילה שלאָגן, ווייל ווי צו מיר, ער איז דאָך מיין שוואַרץ־אַפּל פון אויג. אָבער איר מעגט אים אָנשרעקן ער זאָל מורא האָבן פאַר אייך.

— וואָס רעדט איר, אשה! — האָט נחום זיך אַ בייזער געטון. — ווער זאָגט אייך, אַז ער שטיפט? אָבער איך האָב אים נישט וואָס צו לערנען. איך בין אַ דרדקי־מלמד, לערן עברי און ער דאַרף שוין אָנהייבן לערנען חומש.

— ווי איז מיר, — האָט רחל־לאה אַ פּאַטש געטון מיט די הענט, — ער גייט דאָך ערשט אַ חודש אין חדר. וואָס פאַראַ חומש אין מיטן דערינען?

— נאַרישע יידענע, — האָט דער מלמד געזאָגט, — וואָס פאַר אַ ווייי צו מיר. גיט אים אַוועק צו מענדל דעם חומש־מלמד.

אָפּגעזאָגט זיינס, האָט דער מלמד אַ קוש געטון די מזוזה, און איז אַרויס פון שטוב.

צוויי יאָר שפּעטער, ווען ברוך איז אַלט געווען אַכט יאָר, האָט ער געלערנט מיט שלמה דעם רבס, וואָס איז אַלט געווען צוועלף יאָר, ביי דעם העכסטן גמרא־מלמד, אברהם־משה דער געלער. זיי האָבן געלערנט ווי גלייכע חברים.

ווען זיי זענען אַרויס פון אברהם־משהס חדר האָט דער רב געלערנט מיט זיי צוויי יאָר. נאָכדעם זענען זיי אַוועק אין דער ישיבה.

ווען ברוך איז אַלט געווען אַכצן יאָר און שלמה צוויי און צוואַנציק, זענען זיי געפאָרן צו ר׳ אייזיקל חריף קיין סלאָנים. שלמה איז געקומען קריגן סמיכה פון ר׳ אייזיקלען און ברוך איז מיטגעפאָרן מיט זיין חבר. די חברים האָבן דאָרט פאַרבראַכט זעקס חדשים. איינמאָל האָט ר׳ אייזיקל געזאָגט צום בלייכן שעמעוודיקן ברוכן:

— נו, פעטריקאָווער עלוי, דיין חבר שלמה איז אַ בקי און אַ חריף, וואָס הערט זיך מיט דיר?

ברוך האָט געענטפערט שטאַמלענדיק:

— איך? איך מיין, אַז איך בין קלאָר אין אַ פּאָר מסכתות.

— איך וועלכע מסכתות ביסטו קלאָר, פעטריקאָווער עלוי? — האָט ר׳ אייזיקל געפרעגט.

שלמה דעם רבס האָט געענטפערט פאַרן שעמעוודיקן חבר:

— ער איז קלאָר אין וועלכע פּאָר מסכתות אין ש״ס איר ווילט.

שלמה דעם רבס האָט גרינג געקראָגן סמיכה פון ר׳ אייזיקל חריף. אָבער ברוך האָט זיך אָפּגעזאָגט פון סמיכה. ער האָט דערקלערט זיין חבר:

— איך בין אַ בן־יחיד. מיין טאַטע־מאַמע זענען צו מיר צוגעבונדן אהבת נפש. איך וויל זיין לעבן זיי און פאַרזיסן זייער עלטער. ווען איך וועל האָבן סמיכה וועל איך אפשר קריגן אַ יצר הרע צו רבנות און איך וועל זיך דאַרפן שיידן מיט זיי. אָבער, אַז איך וועל ווערן אַ גמרא־מלמד, וועל איך בלייבן לעבן זיי אין שטעטל. דערצו נאָך וועל איך זיין נאָענט צו דיר. ביסט דאָך דער איינציקער חבר וואָס איך האָב.

מען דערציילט, אין דעם טאָג, וואָס ר׳ שלמה איז געוואָרן רב אין שטעטל, נאָך זיין פאָטערס טויט, האָט ער געהאַלטן אַ פייערדיקן פלפול אין בית המדרש. די בעלי־בתים לומדים האָבן געלעקט די פינגער. נאָך דער דרשה האָט ער געזאָגט:

— דאָ אין שול זיצט ר׳ ברוך, וואָס איז מער ראוי צום כסא־רבנות ווי איך. זיין רצון איז אָבער צו ווערן אַ גמרא־מלמד און נישט צו זיצן אויף כסא־רבנות אויף דעם שטול פון רבנות. גיב איך נאָך זיין רצון,

אָבער איך בעט אייך, אַז ער זאָל ווערן דיין ביי אונדז. אין שווערע שאלות וויל איך נישט זיין דער פוסק־אחרון, ווען ר׳ ברוך איז דאָ.

און אַזוי איז טאַקע געווען. ר׳ שלמה איז געווען רב און ר׳ ברוך דיין, אָן שכירות.

ר׳ ברוך האָט געעפנט אַ חדר. ביסלעכווייז, ביסלעכווייז האָבן אָנ־געהויבן קומען צו אים תלמידים פון דער גאַנצער סביבה. אין איינע פינף יאָר איז אין פעטריקאָוו געוואָרן אַ גרויסע ישיבה. ר׳ שלמה האָט אָנגעפירט מיט זיין רבנות און ר׳ ברוך מיט דער ישיבה.

די חברים האָבן זיך שטאַרק ליב געהאַט. יעדע פרייע מינוט, וואָס זיי האָבן געקאָנט אַריינכאַפּן זענען זיי געזעסן און געלערנט צוזאַמען. זיי זענען געוואָרן באַרימט מיט זייער לומדות איבער גאַנץ רייסן. עס פלעגן צו זיי אָנקומען שאלות פון גאָר ווייטע שטעט, און אַלעמאָל זענען די תשובות געשריבן געוואָרן פוןביידן. אין רבנישע קרייזן זענען די שאלות ותשובות באַקאַנט ווי די „תאומים שאלות ותשובות״ — די שאלות ותשובות פון דעם צווילינג, ווייל די אַלע תשובות זענען געווען אונטערגעחתמעט: שלמה און ברוך, אָן מורנוס, אָן טיטלען.

איין זאַך האָט אָבער אַביסל געשטערט זייער חברשאַפט. ר׳ שלמה איז געווען אַ מחמיר, געניי‎גט צו זיין שטרענג אין זיין פסק־דין. ר׳ ברוך איז געווען אַ מקיל, שטענדיק געניי‎גט צו זיין מילד אין זיין פסק־דין. אָפט פלעגן זיי זיך שטאַרק שפּאַרן און אַמפּערן. עס פלעגט קומען צו שאַרפע איבעררייידערייען. נישט איינמאָל האָט זיך די רביצין צעבייזערט:

— זעט נאָר, זעט, צוויי תלמידי חכמים און שרייען איינע אויף די אַנדערע ווי מאַרק יידענעס. נו, טרינקט בעסער טיי.

אַזוי איז אָנגעגאַנגען לאַנגע יאָרן ביז עס האָט זיך פּאַרלאָפן די מעשה מיט דער סירכא ביי לאָזער דעם קצב.

עס האָט געטראָפן אין אַ ווינטערדיקן פרייטיק פאַרטאָג. לאָזער דער קצב, אַ ייד אַ קבצן אַ בעל־מטופל מיט אַכט קינדער, האָט געקויפט אַן אָקס צו קוילענען אויף שבת. ווען דער שוחט האָט בודק געווען די ריאה האָט ער געפונען אַ סירכה. צוויי אַזייגער פאַרטאָג האָט לאָזער אויפגע־וועקט דעם רב צו פסקענען די שאלה. צו טאָג גלייך דאַרף דאָך זיין פלייש אין דער יאַטקע.

ר׳ שלמה האָט זיך געראַנגלט מיט דער סירכה איבער צוויי שעה. ער האָט דורכגעוואָרפן ראשונים און אחרונים און האָט זיך נישט געקענט קיין עצה געבן. ס׳איז טריף לויט די פּוסקים. ער האָט זיך אַוועקגעזעצט אויף דער לאַנגער באַנק, וואָס איז געשטאַנען אין בית־דין־שטיבל, אָפּ־געווישט דעם קאַלטן שוויס פון פּנים, אַ קוק געטון אויף דעם צעשראָ־קענעם, בלייכן קצב און געזאָגט צו אים:

— גיי ברענג אַהער ר׳ ברוכן.

דער קצב איז אַרויסגעלאָפן פון בית־דין־שטיבל, ווי מען וואָלט אים אָנגעזאָגט די בעסטע בשורה. ער האָט געוווסט, אַז איצט איז דאָ אַ האָפענונג צו אָפּראַטעווען דעם אָקס פון טריפה.

ווען ר׳ ברוך איז אַריין אין בית דין שטיבל האָט ער אַ קוק געטון אויף דעם טיש מיט אָנגעוואָרפענע ספרים, האָט ער זיך אַוועקגעזעצט לעבן ר׳ שלמהן, גענומען זיין טאַבאַקערקע, אָנגענומען אַ שמעק טאַבאַק, אַ נאָס געטון, אָפּגעווישט די נאָז מיט דער רויטער פאַטשיילע און גע־זאָגט:

— ביי צופיל פּוסקים האָסטו געפרעגט עצות.

ר׳ שלמה אַ בלייכער, אַן אויסגעמאַטערטער האָט זיך אָנגערופן מיט רוגזה:

— דיר איז גוט, קאָנסט אַלץ אויף אויסוויניק. איך האָב נישט אַזאַ גוטן קאָפּ.

— ביסט שוין אין כעס? — האָט ר׳ ברוך אַ שמייכל געטון — איז וואָס האָסטו מיך גערופן?

— נאָ, טוט אַ קוק אויף די ריאה, — האָט דער רב געזאָגט, — איך קען זיך נישט מיט איר קיין עצה געבן.

רבי ברוך איז צוגעגאנגען צום אַנדערן טיש, ווו די ריאה איז געלעגן, אַ קוק געטון אויף איר און אַ פּיר געטון מיטן פינגער איבער דער דרויסנדיקער הייטל. דערנאָך האָט ער געהייסן לאָזערן אָנבלאָזן די ריאה. אַ קוק געטון און געהייסן צוריק אַוועקלייגן די ריאה. נאָכדעם האָט ער זיך אַוועקגעזעצט לעבן רב און געזאָגט צום קצב:

— לאָזער, מיר דוכט זיך, אַז דיין ווייב איז נאָר וואָס ווידער געלעגן

געוואָרן. אויב איך מאַך קיין טעות נישט, האָט מען פּאַר צוויי וואָכן אויסגערופן אין שול, אַז ביי דיר איז אַ בן־זכר.

— יאָ, רבי לעבן.

— איז וויפל „פּיטשעניאַטעס", קליינוואַרג, האָסטו שוין קיין עין הרע?

— אַכט, רבי, פינף יינגלעך און דריי מיידלעך.

— און ביסט נאָך אַלץ דער זעלבער קבצן? איז זאָג־זשע מיר: ווו האָסטו גענומען דאָס געלט צו קויפן אַזאַ אָקס? נאָך דער ריאה נאָך דאַרף אַזאַ אָקס קאָסטן אַ מטמון מיט גאָלד.

— איך האָב געליען, רבי, ביי יעקב דעם פּראָצענטניק. פּאַר צוויי וואָכן גיי איך אין דאָרף זוכן אַ בהמה־דקה, אַ קאַלב, אַ שעפּס. אין קע־שענע איז ביי מיר דאָ נישט מער ווי פינף רובל. קום איך צו כוועדערן אין דודאוויטש און קויף ביי אים אַ באַראַן. זאָגט מיר דער גוי, אַז ער וויל מיר פאַרקויפן אַן אָקס. איך טו אַ קוק אויפן אָקס. רבי, אַ שור־הבר! פרעג איך כוועדערן דעם מקח, טוט ער מיר אַ זאָג און... עס ווערט מיר ליכטיק אין קאָפּ. אַ מציאה. באַטאַפּ איך דעם אָקס נאָזלעכער — נאַסע ווי ביי אַ געזונטן אָקס. דינג איך זיך כלומרשט מיטן גוי און ער לאָזט נאָך אַראָפּ פינף רובל. טו איך...

ר' שלמה איז געוואָרן אומגעדולדיק, ער האָט איבערגעשלאָגן לאָ־זערן זיינע רייד און געזאָגט צו ברוכן:

— נו, נו, וואָס האָט עס צו טון מיט דער סירכה?

ר' ברוך טוט זיך אַ קער צום רב: — לאָז געמאַך, לאָז לאָזערן רעדן.

און לאָזער רעדט:

— נו, רבי, לויף איך אַהיים און ליי אַכציק רובל ביי ר' יעקבן און לויף צוריק אין דאָרף. מיין האַרץ קלאַפּט טיאָך, טיאָך — עמיצער זאָל ביי מיר נישט אויסכאַפּן די מציאה. איך ברענג דעם אָקס אין „באָינע", שלאַכט־הויז. אַלע קצבים זענען מיך מקנא. אַזאַ גסה, אַזאַ גסה. און פונקט אויף היינטיקן שבת האָט קיינער פון די קצבים נישט געבראַכט קיין שטיקל רעכטס אין שטעטל. קוילעט ר' משה שוחט דעם אָקס און געפינט אַ סירכה.

ר' ברוך פרעגט:

— און וויפל דיין אייגן געלט האָסטו אין אָקס, לאָזער?
לאָזער ענטפערט:

— מיין אייגנס אין אָקס איז זיבעצן קאַרבן (רובל). אַכציק רובל געליענע. ווען דער אָקס חלילה — איך וויל נישט אויסרעדן פון מויל — וועל איך זיך נישט קענען אויסצאָלן. איך וועל מוזן דעם עלטערן יינגל אפּנעמען פון חדר אינגאַנצן. ער זאָל מיר אַרויסהעלפן. די קלענערע צוויי יינגלעך וועל איך דאַרפן שיקן אין תלמוד תורה. און, רבי, איך וועל דאַרפן צאָלן יאָרן וואָכער צו ר׳ יעקבן. מיט אים שפּילט מען זיך נישט. איך דאַרף צו אים אָנקומען.

טרערן האָבן זיך געשטעלט דעם גרויסן לאָזערן אין די אויגן.

ר׳ ברוך האָט אַ פרעג געטון:

— און וויפל האָסטו גערעכנט לייזן אַ פונט פלייש, לאָזער?

— צוועלף קאָפּיקעס, רבי, צוועלף קאָפּיקעס. עס וואָלט מיר גע־בליבן פון אָקס גאַנצע פינף און דרייסיק רובל ריווח.

— נו, גוט, לאָזער, נאַדיר פיר און צוואַנציק קאָפּיקעס און שיק מיר צוויי פונט פלייש אויף שבת. ס׳איז כשר.

לאָזער איז אַרויסגעלאָפן אָן אַ גוטן טאָג. מען האָט אים גערדאַרפט נאָכלויפן, זאָגן אים ער זאָל זיך צוריקקערן און נעמען די ריאה.

ר׳ שלמה דער רב, איז געזעסן בלייך ווי אַ טויט. ער האָט געקוקט און געקוקט אויף דעם רואיקן ברוכן און דערנאָך געפרעגט:

— האָסטו גוט באַקוקט די ריאה?

— באַקוקט.

— נו, איז ווי אַזוי איז עס כשר?

ר׳ ברוך האָט גענומען אַ שמעק טאַבאַק און געזאָגט:

— נו, אַז איך וועל קומען אויף יענער וועלט און מען וועט מיך שטעלן צום משפט, וועלן קומען די אַלע ראשונים און אחרונים, וואָס זייערע ספרים ליגן דאָ אויפן טיש, און וועלן זיך שטעלן קעגן מיר און אָפּפרעגן מיין פסק־דין, וואָס איך האָב אַרויסגעטראָגן וועגן לאָזערס אָקס. נו, מיינסטו, שלמה, איך וועל זיך נישט קענען אויסטענהן מיט זיי? איך הייס אויך ווי א גמרא עפּנט זיך. איך וועל געפינען אַ סמך פאַר מיין פסק־דין. מיט יידן תלמידי חכמים וועל איך זיך אַן עצה געבן. אָבער

ווי, אַז איך וואָלט טריף געמאַכט דעם אָקס און אויף יענער וועלט, שטעלן זיך אַקעגן מיר לאָזער און די לאָזערעכע מיט זייערע אַכט „טשע־פּליענאַטעס״, פּייגעלעך? ווי אַזוי וועל איך זיך קענען אויסטענהן מיט אַכט באָרוועסע, נאַקעטע, הונגעריקע, בלייכע קינדער און פאַרביטערטע טאַטע־מאַמע?

דער רב האָט זיך אַ בייזער געטון:

— איך רעד צו דיר דברים של טעם — צו דער זאַך, ווי אַזוי האָסטו כשר געמאַכט דעם אָקס? און דו ענטפערסט מיר מיט לצנות.

ברוך האָט זיך צו אים אַ קער געטון שאַרף:

— לצנות גאָר? איך מיין עס ערנסט. זאָג־זשע מיר, וויבאַלד, אַז דו ביסט געווען אַזוי זיכער, אַז דער אָקס איז טריף, איז פאַרוואָס האָסטו געשיקט נאָך מיר? האָסטו געזאָלט טריף מאַכן און אַ סוף, אַן עק און פּטור!

ר׳ שלמה האָט געזאָגט:

— ס׳איז דאָך אַ הפסד מרובה, אַ גרויסער היזק. און אַ הפסד מרובה דאַרף מען זיין זהיר, אָפּגעהיט אין פּסק־דין. ס׳איז ביי מיר נאָך געווען אַ שמץ ספק — אַ שטיקל ספק.

— ביי דיר איז געווען אַ שמץ ספק, — האָט געענטפערט ברוך, — ווייל דו האָסט געמיינט, אַז עס איז געווען אַ הפסד מרובה. ביי מיר, אָבער, נאָכדעם ווי איך האָב אַ קוק געטון אויף לאָזערס פּנים, איז עס נישט געווען קיין פראַגע פון הפסד מרובה נאָר פון פּיקוח נפש. דו ביסט נישט אויפגעהאָדעוועט געוואָרן אין קיין אָרעמער שטוב. איך יאָ. איך זאָג דיר, אַז עס איז פּיקוח נפש.

ר׳ שלמה האָט אַ ווײַלע נאָכגעטראַכט און באַלד אַ רוף געטון:

— רביצין ברענג אַריין טיי.

ווען די רביצין איז אַריינגעקומען מיט די צוויי גלעזער טיי האָט דער רב געזאָגט צו איר:

— היינט זאָלסטו קויפן פלייש ביי לאָזער דעם קצב. איך וויל האָבן פלייש אויף שבת פון דעם אָקס, וואָס ר׳ ברוך האָט כשר געמאַכט.

פון דעמאָלט אָן איז ר׳ שלמה געווען אַזאַ מקיל ווי ר׳ ברוך.

# ברויט אָן מילך איז אויך גוט

רבי יאָסי־בער איז געווען רב אין סלוצק. ער פלעגט זאָגן:
— אַ גרויסע תורה האָט גאָט געגעבן די יידן און זיי אָנגעזאָגט אַ סך מצוות. אָבער דער עיקר פון דער תורה און די גרעסטע מצווה איז פאַרזאָרגן אָרעמעלייט. „אַכטן דעם אָרעמאַן און אַרויסהעלפן דעם אביון" — אויף דער מצווה שטייט די וועלט.

און רבי יאָסי־בער האָט נישט נאָר שיין גערעדט נאָר טאַקע מקיים געווען וואָס ער האָט געדרשנט. מען דערציילט אויף אים, אַז ווען ער האָט זיך דערוווּסט, אַז דער דאַך פון הקדש רינט און די באַלעבאַטים מאַכן זיך נישט וויסנדיק, איז ער אַוועק אין אַ רעגנדיקער נאַכט אין דעם אָפּגעלאָזענעם הקדש און דאָרט גענעכטיקט. אינדערפרי, ווען די שטאָט האָט זיך דערוווּסט ווו דער רב געפינט זיך, זענען זיי אַוועק אין הקדש און מיט אים איינגעטענהט:

— ס'טייטש, רבי, איר פאַרשעמט אונדז פאַר דער וועלט.

האָט ער געענטפערט:

— עס שטייט געשריבן אין תהילים „ער שטייט ביי דער רעכטער האַנט פון אָרעמאַן". ווען איר פאַרשעמט דעם אָרעמאַן, פאַרשעמט איר גאָט. איז פאַרשעמען גאָט שעמט איר זיך נישט און פאַר מענטשן שעמט איר זיך?

פאַרשטייט זיך, ווען זיי האָבן דערהערט אַזעלכע האַרבע רייד פון דעם רב, האָבן זיי באַלד פאַרריכט דעם דאַך פון הקדש.

זיין שטוב איז שטענדיק געווען אָפן פאַר יעדן נויט־באַדערפטיקן.

ווער עס האָט זיך געניוויטיקט אין הילף איז געקומען צו רבי יאָסי־בער. קיינער איז נישט אַרויס מיט ליידיקן.

איינמאָל פאַר פסח קומט אַריין צו אים אַ בעל־עגלה און גיסט אויס זיין ביטער האַרץ פאַר אים:

— רבי, אַ גאַנצן ווינטער האָב איך נישט פאַרדינט קיין גראָשן, איצט פאַר פסח ווען עס איז פאַראַן פרנסה איז ביי מיר געפאַלן דאָס פערד און איך בין געבליבן מיטן בייטש־שטעקל. אין שטוב איז נישטאָ קיין פיצל ברויט און דער הייליקער יום־טוב רוקט זיך אָן. רבי, ראַטעוועט! פריער גאָט און דערנאָך איר רבי!

— וויפל דאַרף עס קאָסטן אַ פערד? פרעגט רבי יאָסי.

— אַ גוטער פערד, רבי, דאַרף קאָסטן פערציק רובל.

— פערציק רובל? וווּנדערט זיך דער רב, ס'איז אַ מטמון מיט געלט. ווו קען איך קריגן אַזאַ אוצר?

דער בעל־עגלה האָט אָנגעהויבן ברעכן מיט די הענט:

— רבי, אויב איך קריג נישט אויף אַ פערד דאַרף איך נעמען אַ שטריק און הענגען זיך. אַכט קינדער רבי. אַכט קינדער.

— שאַ, רעדט נישט אַזוי, האָט זיך רבי יאָסי אָנגעהויבן בייזערן. אַ ייד רעדט נישט פון אָנטון זיך אַליין אַ מיתה. איך האָב אַן עצה. גייט צו מיר אין שטאַל, דאָרט שטייט מיין בהמה. אַ טייערע בהמה, גיט פולע צוויי שעפלעך מילך אַ טאָג. נעם די בהמה און בייט זי אויס אויף אַ פערד.

דער בעל־עגלה האָט זיך לאַנג נישט געלאָזן בעטן, ער איז אַריין אין שטאַל און אַרויסגעפירט די בהמה.

פאַרנאַכט איז די רביצין אַוועק אין שטאַל מעלקן די בהמה. ערשט אַ בראָך, אַ צרה! נישטאָ קיין בהמה. די רביצין איז אַריינגעלאָפן מיט אַ געשריי אין הויז:

— יאָסי, יאָסי! מען האָט אַוועקגעגנבעט די בהמה.

רבי יאָסי בער האָט געשוויגן. די רביצין האָט געשטורעמט:

— וואָס שווייגסטו? מיר זענען געבליבן אָן אַ טראָפּעלע מילך פאַר די קינדער.

רבי יאָסי ענטפערט נישט.

די רביצין האָט גענומען נאָכפאָרשן און האָט אויסגעפונען אַז מאָטל בעל־עגלה איז געווען ביים רבין, האָט זי גענומען ליאַרעמען:

— ער, מאָטל דער בעל־עגלה, האָט געגנבעט די בהמה.

רבי יאָסי האָט זיך אָנגעבייזערט:

— פע, מען טאָר נישט חושד זיין אַ כשרן יידן.

— איז ווו איז די בהמה?

— נו, שאַ, איך האָב זי אים אַוועקגעגעבן ער זאָל זי אויסבייטן אויף אַ פערד — האָט דער רב געענטפערט. גיי צו מאָטלען און זע, אויב ער האָט נאָך נישט אויסגעביטן די בהמה אויף אַ פערד, קויף זי אָפּ ביי אים.

צעשרייט זיך די רביצין:

— גזלן איינער, ווי האָסטו קיין רחמנות נישט אויף דיינע קינדער? דיין ברודער האָט אונדז געקויפט די בהמה מיר זאָלן האָבן מילך פאַר די קינדער, גיסטו זי אַוועק מאָטל בעל־עגלה.

רבי יאָסי האָט איר געענטפערט רואיק:

— זע נאָר ווי אַ יידענע האָט זיך צעקאָכט. ביי אַ יידן אין הויז פעלט אַ שטיקל ברויט און זי וויל דווקא ברויט מיט מילך. ברויט אַליין איז ווייניק?

נו, די רביצין איז אַוועק צום רבס ברודער אוןביידע, די רביצין מיטן רבס ברודער, זענען אַוועק צום בעל־עגלה און אָפּגעקויפט די בהמה ביי אים. ער האָט נישט גענומען קיין גראָשן ווייניקער פון פערציק רובל.

ווען די בהמה איז שוין געשטאַנען אין שטאַל, איז רבי יאָסי־בערס ברודער אַריין צו אים און אים געזאָגט:

— איך האָב אָפּגעקויפט די בהמה ביי מאָטל בעל־עגלה און אים נישט אָפּגענאַרט. אָבער געדענק: מהיום והלאה, פון היינט אָן און ווייטער, זאָלסטו וויסן, אַז די בהמה איז מיינע: איך פאַרדינג זי דיר בלויז פאַר פינף קאָפּיקעס אַ וואָך. דו דאַרפסט זי קאָרמענען און דערפאַר איז די מילך, וואָס זי גיט, דיינע. אָבער אַוועקגעבן עמיצן די בהמה טאָרסטו נישט. זי איז מיינע!

און דער רב האָט מער נישט געקענט אַוועקגעבן די בהמה .

# נעצל ווערט אַ מלמד

אין דעם שטעטל אזאריטש, וואָס ליגט נישט ווייט פון באָברויסק, אין אַמאָליקן רוסלאַנד, האָט געלעבט אַן אלמנה מיטן נאָמען גיטע. זי האָט געהאַט צוויי טעכטער, צוויי אויגן אין קאָפּ. די עלטערע האָט מען גע־רופן ברכה און די יינגערע ריווע.

גיטע די אלמנה איז געווען אַ פאַרמעגלעכע פרוי. איר מאַן יעקב־משה איז געווען נישט נאָר אַ ייד אַ למדן נאָר אויך אַ שאַרפער סוחר. ער האָט איבערגעלאָזן דער אלמנה אַ גרויסע שניט־קראָם און אַ שיינע פּאָר טויזנט רובל מזומנים. חוץ דעם האָט ער איבערגעלאָזן שראַנקען און שראַנקען מיט ספרים. זענען געשטאַנען די ספרים אין די אַלמערס, די גלעזערנע טירן פאַרשלאָסן און קיינער איז נישט געווען ווער עס זאָל זיי עפענען. ער האָט דאָך איבערגעלאָזן צוויי טעכטער. פרויען לערנען נישט קיין גמרא און פרויען קוקן נישט אַריין אין חושן משפט אָדער אין רמב״ם.

ווען די עלטערע טאָכטער ברכה איז אונטערגעוואַקסן האָט זיך גע־מאַכט פאַר איר זייער אַ פּאַסיקער און גוטער שידוך. אַ דאָרפס ייד, גאָר אַ פאַרמעגלעכער, איז אַריינגעקומען מיט זיין זון אין קראָם קויפן געוואַנט אויף אַ מאַנטל. דער בחור האָט געוואָרפן אַן אויג אויף ברכהן און דעם טאַטן זיינעם איז דאָס מיידל אויך געפעלן געוואָרן. דער טאַטע האָט געשיקט אַ שדכן. חתן־כלה האָבן זיך אָנגעקוקט, געפעלן געוואָרן איינער דעם אַנדערן און עס איז געוואָרן אַ שידוך.

גיטע די אלמנה האָט גאָרנישט נישט געקענט האָבן קעגן שידוך. דער בחור, שמשון איז געווען זיין נאָמען, איז געווען א שיינער, אַ גע־שטאַלטנער און אַן איינרייסער. ער וועט געבן אַ ווייב ברויט מיט פוטער צו זאַט. אָבער אין האַרצן איז זי שטאַרק צופרידן נישט געווען. זי האָט געוואָלט אַן איידעם וואָס זאָל עפענען די אַלמערס מיט ספרים, וואָס זענען געבליבן נאָך איר מאַן. שמשון, איר איידעם, איז געווען אַ קנאַפּער לערנער. האָט זיך די אלמנה געטרייסט, אַז ס'איז נאָך דאָ די יינגערע טאָכטער ריווע. פאַר איר וועט זי שוין זען קריגן אַן איידעם אַ לערנער.

די שניט־קראָם האָט די אלמנה אַוועקגעגעבן דעם איידעם נדן פּאַר ברכהן. מען האָט זיך אָפּגעשריבן, אַז שמשון דאַרף צאָלן דער שוויגער וואָכער, אַלע וואָך אַ באַשטימטע סומע, גענוג אויף חיונה.

אַ פּאָר יאָר זענען אַריבער און די קלענערע טאָכטער ריווע איז אונטערגעוואַקסן און מען האָט איר אָנגעהויבן רעדן שידוכים. גיטע איז געווען איבערקלייבעריש. זי האָט זיך נישט געאיילט. זי האָט געזוכט אַ וויל־לערנער. סוף כל סוף האָט גאָט צוגעשיקט דעם ריכטיקן זיווג. אַ בחור אַ צאַצקעלע, אַן אתרוגל. קלוג, שיין, מיט אַ שאַרפן קאָפּ, אַ לער־נער, אויף וועמען מען זאָגט, אַז ער איז בקי אין גאַנץ ש״ס. אַ כלי צו גאָט און צו לייט.

דעם נייעם איידעם, אליקום־געצל איז געווען זיין נאָמען, האָט זי געגעבן דריי טויזנט רובל נדן מזומן און פיר יאָר קעסט. די אלמנה איז אפילו נאָך דער מיזינקעס חתונה נישט געבליבן אָן אַ גראָשן.

נאָך דער חתונה האָט דער איידעם גענומען דעם נדן, אַוועקגעפאָרן קיין באָברויסק און אַוועקגעגעבן דאָס געלט צו האַלטן צו רבי חיימען, דעם גרעסטן גביר און שענסטן יידן פון באָברויסק. ער איז צוריקגע־קומען אַהיים און זיך געזעצט לערנען.

די אלמנה האָט אָנגעקוואָלן. ווידער האָט זיך דערהערט דאָס קול פון תורה אין שטוב. היינט זיין קידוש מאַכן, זיין הבדלה און זיין זאָגן די שלום־עליכמס פרייטיק צו נאַכט! זיין שטים איז זיך צעגאַנגען אין אַלע אברים.

זיצט דער יונגערמאַן, עסט קעסט און לערנט. דערווייל איז דאָס

יונג ווייבל טראַגעדיק געוואָרן און געהאַט אַ יינגל. די שמחה איז געוואָרן נאָך גרעסער אין שטוב.

צוויי און אַ האַלב יאָר זענען אַריבער נאָך דער חתונה. נו, צייט צו טראַכטן פון תכלית. קומט זיך צונויף די משפחה צו באַטראַכטן צו וואָס אליקום־געצל זאָל זיך נעמען. דער ראש המדברים איז שמשון, דער עלטערער איידעם, דער געניטער סוחר און שאַרפער קרעמער. ער לייגט פאָר אליקום געצלען אַלערליי מסחרים. דער לערנער קרימט מיט דער נאָז. וועלכן מסחר מען לייגט אים פאָר געפעלט אים נישט.

דערווייל האָט זיך דערטראָגן אַ קלאַנג קיין אזאריטש, אַז רבי חיים, דער שיינער למדן און גרעסטער גביר פון באַברויסק, האַלט גאָר שמאָל. ער איז געוואָרן אַ יורד און היינט מאָרגן מאַכט ער די פליטה — פשוט וועט באַנקראָטירן.

גיטע די אלמנה איז געוואָרן אומרואיק. זי זאָגט צו אליקום געצלען:

— פאָר אַריבער קיין באָברויסק. טו אַ קוק וואָס עס הערט זיך דאָרט ביי רבי חיימען. אפשר וועסטו קענען נאָך ראַטעווען דעם נדן.

ענטפערט דער יונגערמאַנטשיק:

— שוויגער לעבן, צו וואָס דאָס פאָרן? דאָס געלט דאַרף איך נאָך נישט. איי וואָס מען רעדט וועגן רבי חיימען? איז ממה נפשך, איז דאָס אַ ליגן, צו וואָס פאָרן? אלא וואָס ס'איז אַן אמת, איז וואָס וועט העלפן מיין פאָרן?

ס'איז געקומען צולויפן דער שוואָגער שמשון. ער האָט זיך צע־שריען:

— בטלן, וואָס זיצסטו דאָ? לויף, פאָר, ראַטעווע! וועסט דאָך בלייבן הויל, ווי די מאַמע האָט דיר געהאַט.

מען איז אַזוי לאַנג צוגעשטאַנען צו אליקום־געצלען ביז ער איז אַוועקגעפאָרן קיין באַברויסק.

ער האָט זיך דאָרט אָפּגעזאָמט פולע צוויי וואָכן. ער איז צוריקגע־קומען ערב שבת פאַר ליכט בענטשן, אַ פריילעכער, אַ מונטערער. מען האָט אים נישט געפרעגט, וואָס עס האָט דאָרט געטראָפן, ערשטנס איז שבת. דער לערנער וועט דאָך נישט רעדן וועגן געלט זאַכן אום שבת.

און צוריקגערעדט ס׳איז דאָך אים אָנגעשריבן אויפן פּנים, אַז דאָס געלט איז גאַנץ.

מוצאי שבת נאָך הבדלה, טוט אַ פרעג דער שוואָגער:

אליקום־געצל, נו?

אליקום־געצל ענטפערט אַ שטראַלענדיקער:

— איך זאָג אייך, באָברויסק איז אַ שטאָט אַזאַ יאָר אויף מיר. די צוויי וואָכן וואָס איך בין דאָרט געווען האָבן מיר געעפנט די אויגן. איך קום אַריין אין שול, נאָכן דאַווענען זעץ איך זיך לערנען. קומט צו אַ יונגערמאַנטשיק, בלוט און מילך, און טוט אַ שטעק אַריין די נאָז אין מיין ספר. רעד איך זיך מיט אים פאַנאַנדער — איי, איי, אַ כלי! טו איך אים אַ פרעג אַ קשיא, וואָס האָט מיך נישט געלאָזן רוען חדשים: ס׳טייטש ווי קען עס דער רמב״ם זאָגן ווען עס איז פּונקט דאָס פאַר־קערטע פון תוספות? טוט ער פאַר מיר אַ מיש גאַנץ ש״ס און אין איין רגע ווערט מיר קלאָר וואָס דער רמב״ם האָט געמיינט. און דאָס גאָר? איר האָט געדאַרפט הערן ווי ער האָט מיר פאַרטייטשט אַ שטיקל גמרא אין עירובין. און נאָר ער אַליין? וועגן דעם תוספות אין גיטין...

דער שוואָגער האָט שוין מער נישט געקענט אויסהאַלטן:

— וואָס מיר רמב״ם, וואָס מיר תוספות, זאָג מיר וואָס הערט זיך מיט דעם שיינעם יידן רבי חיים?

אליקום־געצל האָט אַ מאַך געטון מיט דער האַנט:

— שייך, ס׳איז טאַקע אַן אמת. הכצעקתה. טאַקע ווי מען האָט געזאָגט.

— ווייי איז מיר — האָט די שוויגער פאַרבראָכן די הענט — איז וואָס האָסטו געטון? האָסטו אים געזען?

אליקום־געצל האָט געענטפערט פאַרחידושט:

— צו וואָס? ס׳איז דאָך אמת אַז ער איז אַ יורד. ווען איך קום צו אים בין איך מבייש אַ יידן. איך האָב זיך געהיט אפילו נישט צו דאַווענען אין דער שול ווו ער דאַוונט. ווען ער באַגעגנט זיך מיט מיר, וואָלט ער מיר דאָך נישט געקענט קוקן אין די אויגן.

די ווייבער האָבן זיך צעוויינט. די שוויגער האָט איינגעטענהט:

— וואָס וועסטו איצט טון? קיין נייעם נדן פאַר דיר האָב איך

נישט. מיט וואָס וועסטו קענען אָנהייבן אַ מסחר? און דאָס ווייב דײַנע איז שוין פאַרגאַנגען אין טראָגן מיטן צווייטן קינד.

אליקום־געצל איז געשטאַנען אין מיטן שטוב אַ פאַרלוירענער און געשמייכלט: — איך ווייס?

דער שוואָגער האָט אַ קוק געטון אויף דעם הילפלאָזן אליקום־געצלען און געזאָגט צו דער שוויגער מיט שפּאָט:

— אָט דעם מלמד, שוויגער, האָט איר געוואָלט מאַכן פאַר אַ סוחר?

אליקום־געצל האָט דערהערט דאָס וואָרט מלמד און זיין פּנים האָט אויפגעלויכטן:

— טאַקע שוויגער, צו וואָס קלאָגן? איך וועל ווערן אַ גמרא־מלמד. ס'איז מיר אַלעמאָל געווען מער צום האַרצן צו לערנען מיט ייִנגלעך גמרא ווי דרייען אַ קאָפּ מיט מסחר. גלויבט מיר, שוויגער, איך וועל זיין אַ גוטער גמרא־מלמד.

דער שוואָגער, דער סוחר, האָט אַ זיי געטון צווישן די ציין:

— פרייט זיך, שוויגער לעבן, איר וועט האָבן אַ גוטן מלמד אין דער משפּחה. פאַר אָט דאָס־אָ — האָט ער געוויזן מיטן פינגער אויף אליקום־געצלען — האָט איר געדאַרפט גרייטן טויזנטער נדן?

אָפּגעזאָגט און אַרויס פון שטוב.

דאָס שטעטל אזאריטש האָט פאַרלוירן אַ קרעמער און צוגעקראָגן דעם בעסטן גמרא־מלמד, וואָס עס האָט ווען עס איז געהאַט.

# דאָסטאָיעווסקי און אַ בלוט־בילבול

צען יאָר איז אליקום־געצל געווען מלמד אין אזאריטש. אויפן עלפטן יאָר האָט ער זיך אַריבערגעקליבן קיין קאלינקאָוויטש, שוין א גרע־סער שטעטל.

אין קאלינקעוויטש האָט געלעבט אַ ייד מיטן נאָמען לייבע פּאָליאַק, אַ רייכער ייד, אַ וואַלד סוחר און דער באַלעבאָס פון אַ דאָרף־מיל. ביי אים זענען אונטערגעוואַקסן דריי יינגלעך: אַ צווילינג, צוועלף יאָר אַלט און אַ יינגערער עלף יאָר אַלט. לייבע פּאָליאַק איז נישט געווען צופרידן מיט די שטעטלשע מלמדים.

אין יענער צייט האָט ער אָפּגעקויפט אַ וואַלד לעבן אזאריטש. אויף שבת פלעגט ער קומען אין שטעטל. אין בית־מדרש האָט ער זיך באַקאַנט מיט אליקום־געצלען. דער יונגערמאַן איז אים געפעלן געוואָרן. באַלד נאָך פּסח האָט לייבע אים אַריבערגעבראַכט פאַר אַ מלמד פאַר זיינע דריי יינגלעך.

פינף יאָר האָט רבי געצל (אין קאלינקאָוויטש האָט מען אים גערופן רבי געצל, אויסגעלאָזן דעם אליקום) געלערנט מיט לייבע פּאָליאַקס קינדער. נאָך דעם האָט ער געמאַכט אַ קנעלונג פאַר זיך. אָבער ער האָט נישט געהאַט קיין חדר ווי אַלע אַנדערע מלמדים. מער ווי צען יינגלעך האָט ער נישט גענומען. זעקס יינגלעך פון פאַרמעגלעכע טאַטע־מאַמע, וואָס האָבן געצאָלט פינף און צוואַנציק רובל אַ זמן, און פיר יינגלעך פון אָרעמע עלטערן, וואָס האָבן געצאָלט וויפל זיי האָבן געקענט. אָנקומען צו רבי געצלען אין חדר איז געווען אַ יחוס און גוט פאַר אַ שידוך.

פערציק יאָר איז ער געווען מלמד אין שטעטל. וואָס לענגער ער האָט געוווינט אין שטעטל, אַלץ מער איז זיין השפעה געוואַקסן. אַלע

שיינע באַלעבאַטים זענען געווען זיינע געוועזענע תלמידים. ביי יעדן איינעם פון זיי איז נאָך געווען אין האַרצן דער דרך ארץ און אויך אַביסל מורא פאַרן אַלטן רבין.

זיינע צענדליקער ווערטלעך זענען אַרומגעגאַנגען אין שטעטל. ער פלעגט זאָגן: אַ גנב איז נישט דער וואָס קען גנבענען, נאָר דער וואָס גנבעט, אַ למדן איז אויך נישט דער וואָס קען לערנען, נאָר דער וואָס לערנט.

אין שטעטל האָט זיך איינמאָל געקאָכט מיט אַ פרומען יידן. די קינ־דער פון אַמעריקע האָבן אים געשיקט געלט אויף חיונה. דער פרומער ייד האָט נישט געוואָלט אָפּנעמען דאָס געלט פון דער פאָטשט. ער האָט גע־זאָגט, אַז ער וויל נישט נעמען קיין שטיצע פון זיינע קינדער, וואָס זענען אַרויס לתרבות רעה — זיי גייען אָן בערד; און, ווי ער האָט געהערט, זענען זיי מחלל שבת. רבי געצל האָט צו אים געזאָגט:

— נו, נו, ר׳ איצע, זאָל זיין, אַז זיי זענען באמת פושעי־ישראל. אָבער איין מצווה ווילן זיי אָפּהיטן, די מצווה פון כבוד אב. לאָזט איר זיי נישט. דאָס איז נישט שיין.

דער ייד האָט אָנגענומען די תמיכה פון די קינדער.

גאַנץ אָפּט איז ער געווען אַ בורר. ער איז געווען אַ גרויסער בעל פשרה. איינמאָל איז ער געזעסן ווי אַ בורר ביי אַ דין תורה, וואָס די צוויי זין פון לייבע פּאָליאַק, די געוועזענע תלמידים זיינע האָבן געהאַט מיט אַנדערע צוויי סוחרים, אויך רבי געצלס תלמידים.ביידע צדדים האָבן זיך איינגעשפּאַרט און נישט געוואָלט קיין פשרה. זיי האָבן געוואָלט אַ פסק לויטן דין. ביידע צדדים האָבן זיך געהאַלטן פאַר גערעכטע. נאָך שעהן טענהן און שרייען האָט רבי געצל אַ פּאַטש געטון אין שולחן און אויסגערופן:

— שקצים, שטיל זאָל זיין, פּאָלגט אַ רבין, עזות־פּנימער. נאָר גאָט אַליין איז אינגאַנצן גערעכט. וואָס מיינט איר איך האָב כוח פאַר אייער עקשנות?

די פיר יידן מיט די בערד, שוין טאַטעס פון דערוואַקסענע קינדער און שאַרפע סוחרים האָבן געפאָלגט. זיי האָבן נישט געוואָלט מצער זיין דעם רבין.

אַמאָל זענען אויסגעבראָכן סיכסוכים אין קהל און די גרויסע מאַ־כערס האָבן נישט געקענט אויסקומען צווישן זיך. ווען עס איז געקומען צו גרויסע מחלוקתן און רייסערייען און ס׳איז געוואָרן שלעכט, ווייל ביידע צדדים האָבן זיך געהאַלטן פאַר גערעכט, איז מען געקומען צו רבי געצלען. אַלע האָבן געוווסט, אַז ער וועט קיינעם נישט נושא פּנים זיין. עס פלעגט אַרומגיין זיינס אַ ווערטל:

— קיין געלט דאַרף איך נישט, קיין כבוד זוך איך נישט, איז וואָס האָב איך פאַר אייך מורא?



איינמאָל אַ פאַר פסח האָט מען געמאַכט אַ בלוט־בילבול אויף צוויי יידן. עס האָט זיך אָנגעהויבן פון אַ נאַרישן שפּאַס.

אין שטעטל האָט געוווינט איין און איינציקער גוי. זיין נאָמען איז געווען כוועדער. זיין שטוב איז געשטאַנען אין דער לאַנגער גאַס גלייך לעבן רבי געצלס שטוב. דער גוי האָט געהאַט דריי קינדער: דאָס עלט־סטע קינד אַ שייגעצל פון אַ יאָר צען, פּאַווליק, און צוויי שיקסלעך. כוועדער און זיין ווייב אהאפּא און די דריי קינדער האָבן גערעדט יידיש ווי אַ וואַסער. פּאַווליק האָט נישט נאָר גערעדט יידיש נאָר אויך געקענט זאָגן גוט עברי. ער האָט זיך עס אויסגעלערנט פון זיינע יידישע חברים. קיין נישט־יידישע חברים האָט ער נישט געהאַט.

ס׳איז געווען אַ צוויי וואָכן פאַר פסח. די שנייען האָבן אָנגעהויבן צעגיין, די וועגן צום שטעטל זענען געווען שלעכטע, אין די גאַסן איז געווען א בלאָטע ביז איבער די קני. קיין פורל פון אַ גוי האָט מען נישט געזען אויף קיין רפואה. די קרעמער האָבן נישט געהאַט וואָס צו טון, זענען זיי געשטאַנען ביי די טירן פון די קראָמען און געשמועסט.

שמואליק דער באַקאַליי־קרעמער און אייזיק דער גאַלענטערי־קרע־מער זענען ביידע געווען גרויסע לצים. אמתע קאַטאָוועס־טרייבער. פאַר אָפּטון אַ שטוקע וואָלטן זיי פאַרקויפט די וועלט און יענע וועלט.

שטייען זיי ביידע ביי שמואליקס שוועל פון קראָם און זוכן עמיצן אָפּ־צוטון אַ שפּיצל. זעען זיי ווי פּאַווליק גייט איבער דער גאַס, אַ באָרוועסער

אין אַ היטל מיט אַ לאָך אין מיטן און די פלאַקסענע האָר שטאַרצן אַרויס פון לאָך. רופן זיי אים צו. גייט ער צו זיי צו.

רופט זיך אָן אייזיק צו אים:

— איך האָב געהערט פּאַווליקל, אַז דו קענסט עברי. נו, און „מודה אני" אויף אויסנווייניק קענסטו?

— איך קען, זאָגט פּאַווליק.

— אדרבה, לאָמיר הערן.

— אומזיסט?

— גוט, פּאַווליק, זאָגסטו „מודה אני" אויף אויסנווייניק קריגסטו אַ זשמעניע ניס.

פּאַווליק קנאַקט אָפּ „מודה אני" אין איין אָטעם און שטרעקט אויס די האַנט פאַר די ניס.

נעמט אָן אייזיק אַ הויפן ניס און וויל עס געבן פּאַווליקן. זאָגט שמואליק:

— וואַרט, אייזיק, לאָמיר פריער הערן צי ער קען טאַקע זאָגן עברי.

טוט פּאַווליק אַ בורטשע:

— זשידי מאָשעניקי, יידן אָפּנאַרער, איך וויל פריער די ניס.

זאָגט שמואליק:

— נאַ, אָט זענען דיינע ניס. קריגסט נאָך אַ הויפן אויב דו לייענסט איבער דעם פּסוק אין תהילים.

— ווייזט, זאָגט פּאַווליק.

עפנט שמואליק אַ תהילים, ווייזט אָן מיט אַ פינגער אויפן פּסוק און פּאַווליק טוט אַ זאָג: יהי דרכם חשך וחלקלקות ומלאך ה״ רודפם.

שמואליק האָט אַ פּאַטש געטון מיט די הענט פון התפעלות:

— אייזיק הערסט אַ לשון? ער האָט זיך דאָך אפילו נישט פאַר־האַקט, ווען ער האָט געזאָגט וחלקלקות. אַן אמתער ייד. גיב אים דריי הויפן ניס.

קנאַקט פּאַווליק די ניס, קייט זיי און שמייכלט און שמואליק זאָגט צו אים:

— נו, פּאַווליק, ווילסטו ווערן אַ ייד?

— נייך, דרייט פּאַווליק שטום מיט דעם קאָפּ.

— פאַרוואָס?

— איך וועל נישט טאָרן עסן קיין סאַלאָ (חזיר) און איך האָב ליב סאַלאָ.

זאָגט אייזיק:

— וואָס מיר סאַלאָ ווען מיר סאַלאָ, ווערסטו אַ ייד ועסטו שבת עסן פיש, חלה און קוגל; פּסח וועסטו קנאַקן ניס, טרינקען אַרבע כוסות; שבועות פּוטער־בולקעס. און לאָקשן יויך איז ביי דיר גאָרנישט? און צי־מעס האָסטו נישט ליב?

קנאַקט פּאַווליק די ניס און קייט זיי מיט זיינע געזונטע ווייסע ציינדלעך און קראַצט זיך אין קעפּל: כ׳ווייס, אפשר גערעכט.

זאָגט שמואליק:

— אוודאי גערעכט. אָבער פּאַווליק, פריער דאַרף מען דיך מל זיין. מירן דיך מל זיין וועסטו ווערן אַ פאַלנער ייד.

דערהערט פּאַווליק „מל זיין״, הייבט ער זיך אָן אַרויסרוקן פון קרעמל. טוט אים אייזיק אַ פּאַק ביים הענטל:

— וואָס לויפסטו? לאָזט זיך מל זיין, קריגסטו שאָקאָלאַד און כאַלוואַ.

טוט זיך פּאַווליק אַ ריס מיט זיין גאַנצן כוח. רייסט זיך אַרויס פון שמואליקס און אייזיקס הענט, טוט אַ שפּרונג איבער אַ זעקל צוקער, פאַלט און צעבלוטיקט זיך די נאָז. אַ שטראָם בלוט האָט זיך אַ שפּאַר געטון. די צוויי קרעמער האָבן זיך דערשראָקן און אָנגעהויבן אָפּשטעלן דאָס בלוט. פּאַווליק האָט זיך נאָך מער דערשראָקן, זיך אַרויסגעריסן פון זיי און אַוועקגעלאָפן אַהיים. ער איז געקומען צו דער מאַמען מיט אַ פאַרבלוטיקטן פּנים, דאָס העמד אינגאַנצן נאַס און רויט פון בלוט, און די הענט, אויסגעשמירט מיט בלוט ביז די עלנבויגן שפּיצן.

אהאפּא, כוועדערס ווייב, האָט געהאַט אַ ברודער אַ טעלעגראַפיסט, וואָס האָט געאַרבעט אויף דער באַן־סטאַנציע, ער האָט געטראָגן אַ קאָקאַר־דע און איז געווען דער אמתער שוואַרץ־מאהניק. פונקט דעמאָלט איז ער געווען ביי דער שוועסטער אין שטוב. ווען ער האָט דערזען פּאַווליקן אויסגעשמירט אין בלוט און דערהערט, אַז די יידן האָבן אים געוואָלט מל זיין, האָט ער דאָס יינגל באַלד אַוועקגעפירט צום פּריסטאַוו. אין

צוויי שעה אַרום זענען געקומען פיר זשאַנדאַרן, געשמידט שמואליקן און אייזיקן אין קייטן און זיי אַוועקגעפירט קיין רעטשיצע אין תפיסה.

אויפן שטעטל איז אָנגעפאַלן אַ פּחד. יידן האָבן מורא געקראָגן צו גיין איבער די דערפער, מען האָט גערעדט וועגן אַ פּאָגראָם. דער פּסח האָט נישט געבראַכט קיין פרייד.

די יידן האָבן נישט געשוויגן. מען איז געלאָפן אין גאָמעל און זיך געזען מיט שתדלנים, וואָס האָבן אַ צוטריט צו הויכע פענצטער. מען האָט טעלעגראַפירט צום באַוווסטן אַדוואָקאַט גרוזענבערג אין פעטערבורג, און מען האָט געשריבן צו די יידישע גאַזעטן מען זאָל ראַטעווען.

ביסלעכווייז, ביסלעכווייז האָבן זיך די געמיטער איינגעשטילט. דער פּסח איז אַריבער און קיין פּאָגראָם איז נישט אויסגעבראָכן. יידן האָבן אָנגעהויבן גיין איבער די דערפער, האַנדלען מיט די גויים און די צוויי יידן זענען געזעסן אין תפיסה. די ווייבער האָבן געקערט וועלטן, מעכב־קריאה געווען, אָבער מען האָט זיי מיט גאָרנישט נישט געקענט העלפן, מען האָט געמוזט וואַרטן ביז נאָך דער אויספאָרשונג. די רעגירונג האָט זיך נישט געאיילט. ערשט סוף זומער איז אָנגעקומען דער „סליעדוואַ־טעל״, דער אויספאָרשער. ער איז געווען אָנגעטון אין אַ גאָר פיינעם מונדיר און געטראָגן גאָלדענע ברילן. ער איז פאַרפאָרן צו ביילע ברכהן אויף דער אכסניה. דאָס איינציקע אַריינפאָר־הויז אין שטעטל.

געקומען איז ער אינדערפרי. שפּעט נאָך מיטאָג איז אַריינגעלאָפן כלאַוונע, ביילע ברכהס זון, צו געצלען און אַ פאַרסאָפּעטער פון לויפן האָט ער אַרויסגעפּלאַצט:

— רבי, עס וועט גאָרנישט נישט ווערן פון בלוט־בילבול.

כלאַוונע איז געווען ביילע ברכהס בן־יחיד. ער איז געווען שוין אַ סטודענט אין פעטערבורג. געווען אַ טשיקאַווער בחור, געהאַט אַ גוטן קאָפּ און געוואָלט לערנען, אָבער שטאַרק געוואָלט. רבי געצל פלעגט זאָגן, אַז ער לערנט צופיל. ער איז אַזוי פאַרנומען מיט לערנען, אַז ער האָט קיין צייט נישט עפּעס וואָס זיך אויסלערנען. זיין טשיקאַוועקייט איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס ווען ער איז געוואָרן אַ סטודענט און נישט גע־בלאָזן פון זיך. פאַרקערט גאָר, ער האָט זיך אויפגעפירט נאָך פראָסטער ווי פריער. אַלעמאָל האָט ער גערעדט יידיש, אפילו מיט די וואָס האָבן גע־

קענט רוסיש. בלויז זיין יידיש איז געווען אַ מאָדנער — ער האָט קיינמאָל נישט אַריינגעוואָרפן קיין רוסיש וואָרט.

ווען כלאַוונע איז אַריינגעלאָפן און אַרויסגעשאָסן זיין מימרא, האָט רבי געצל אויף אים אַ קוק געטון און געזאָגט:

— זאָג מיר נאַר, כלאַוונע, פאַרוואָס ווערט גאָרנישט נישט ווערן פון בלוט־בילבול? אָבער זעץ זיך. איך האָב נישט ליב, אַז מען שטייט איבער מיר, ווען מען פירט אַ שמועס.

כלאַוונע האָט זיך אַוועקגעזעצט און געענטפערט שוין רואיקער:

— רבי, בעיני ראיתי, מיט מיינע אייגענע אויגן האָב איך געזען, ווי דער אויספאָרשער האָט געלייענט דאָסטאָיעווסקיס „פאַרברעכן און שטראָף". געבראַכט מיט זיך דאָס בוך.

רבי געצל האָט אַ גלעט געטון די באָרד.

— ווי איך פאַרשטיי איז דאָסטאָיעווסקי מסתמא אַ מחבר פון ספרים. אַ רוסישער מחבר. זאָג זשע מיר, כלאַוונע, וואָס שרייבט ער, דיין דאָסטאָ־יעווסקי, חקירה־ספרים? פילוסופיה?

— ניין, רבי, שרייבט ראָמאַנען, טיפע ראָמאַנען, ער האָט געשריבן וועגן איינעם אַ רוצח...

רבי געצל האָט אים איבערגעשלאָגן:

— גוט, גוט. איך ווייס וואָס ראָמאַנען זענען. מסתמא וועגן הריגות, וועגן זנות. אָבער זאָג מיר, כלאַוונע, איז דיין דאָסטאָיעווסקי עפּעס געווען אַ בעל־מידות?

זאָגט כלאַוונע:

— וואָס איר רופט אַ בעל מידות איז ער נישט געווען. ער האָט געטרונקען, געשפּילט אין קאָרטן און — אָבער דאָס איז זיין פּריוואַטער ענין. וואָס האָט עס צו טון מיט זיינע ווערק, מיט זיינע חיבורים?

טוט רבי געצל אַ שמעק טאַבאַק און זאָגט:

— מילא מירן אויסלאָזן שכורן, שפּילן אין קאָרטן און אפילו עניני נשים. אָבער איז ער כאָטש געווען אַן אוהב ישראל?

כלאַוונע האָט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ און געענטפערט:

— ניין, רבי, אַ מיאוסער שונא ישראל, אַן אַנטיסעמיט.

רבי געצל האָט אַ זיפץ געטון:

— איי, כלאַוונע, כלאַוונע, זאָלן דיינע אויערן הערן, וואָס דיין מויל רעדט. ווי איך פאַרשטיי האָט ער געשריבן וועגן רוצחים, וועגן זנות און נאָך אַזעלכע שיינע זאַכן. און אַליין איז ער געווען אַ שכור, אַ קאָרטנ־שפּילער און אַ שונא ישראל און פון אים וועט זיך דאָס דער סליעדע־וואַטל אָפּלערנען מידות טובות. ווי אַזוי? ווייל אין זיינע מעשה־ביכלעך רעדט ער שיין. דערציילט מסתמא ווי שלעכט עס איז צו זיין אַ רשע.

כלאַוונע האָט געענטפערט אומגעדולדיק:

— ביי אייך אין מויל, רבי, קריגט דאָסטאָיעווסקי גאָר אַן אַנדער פּנים. איך זאָג אייך, רבי, אַז ער איז איינער פון די טיפסטע, שענסטע, גרעסטע און וויכטיקסטע שרייבער, וואָס רוסלאַנד האָט אַרויסגעגעבן. ס'איז דאָ ביי אים וואָס צו לערנען. מען קען זיך יאָ אָפּלערנען פון אים מידות טובות. נישט זיין פּריוואַט לעבן איז וויכטיק. זיינע ספרים זענען דער עיקר.

רבי געצל האָט אַ מאַך געטון מיט דער האַנט:

—כ'וויס, אייער שיטה. די צרה איז וואָס ביי אייך זענען ספרים בלויז אַ תענוג, נישט קיין וועג־ווייזערס. אָבער שטעל זיך פאָר, למה הדבר דומה? צו אַ מגיד וואָס גייט איבער תפוצות־ישראל און האַלט דרשות קעגן חילול־שבת און איז אַליין מחלל שבת. אָדער רעדט קעגן גיין אָן אַ באָרד און איז אַליין אַ גלוח. אייך אַרט נישט ווען דער מחבר רעדט וועגן צניעות, וועגן עזה כמות אהבה, און איז אַליין אַ נואף. אייך אַרט נישט ווען דער שרייבער רעדט וועגן גוטסקייט, ערלעכקייט, צידקות און אַליין שכורט ער. ביי אייך איז דער עיקר גאָר ווי אַזוי דער שרייבער שרייבט. ביי אונדז אָבער דאַרף זיין דער מגיד אַ ירא שמים. אַ חזן, אַ שליח ציבור, מוז זיין אַ בעל מידות. דיין רוסישער מחבר וועט דעם סלעדעוואַטל, כלאַוונע, נישט אויסלערנען קיין מעשים טובים. הלוואי מאַך איך אַ טעות.

כך הווא, אַזוי איז טאַקע געווען. דער סליעדעוואַטל האָט די צוויי אומגליקלעכע יידן נישט געהאָלפן.

**
*

## שלמה סיימאָן

דער סוף פון בלוט־בילבול נאָך אַ יאָר זיצן אין תפיסה איז געווען דער משפט. דער אַדוואָקאַט האָט באַוויזן שוואַרץ אויף ווייס, אַז די מעשה מיט פּאַווליקן האָט זיך אָפּגעשפּילט אין מיטן העלן טאָג, אין מאַרק, צווישן די קראָמען און, אַז די צוויי קרעמער האָבן בלויז געטריבן קאַטאָוועס מיטן יינגל. פּאַווליק האָט זיך פאַרפּלאָנטערט אין דער מעשה, וואָס די שונאי ישראל האָבן אים אויסגעלערנט צו דערציילן פאַרן ריכטער, און דער אמת איז אַרויף ווי בוימל אויף וואַסער. שמואליק און אייזיק זענען באַ־פרייט געוואָרן. זיי זענען אַ ביסל גרוי געוואָרן אין תפיסה. קלוגער זענען זיי נישט געוואָרן, געבליבן די זעלבע לצים.

# משיח און שימן

יאָרן און יאָרן און יאָרן זענען אַריבער און דאָס שטעטל קאָכט און זידט. נייע חברות זענען אויפגעקומען. ציוניסטן, בונדיסטן, ציוניסטן־סאָציאַליסטן; סאָציאַל־רעוואָלוציאָנערן, סאָציאַל־דעמאָקראַטן און אַנאַרכיסטן. די שולן און בתי־מדרשים זענען געוואָרן שטילער. די דאוונער זענען געוועזן עלטערע יידן און יונגע ייִנגלעך. די דערוואַקסענע יוגנט האָט געפעלט. דערפאַר אָבער זענען אין די פאַרנאַכטן די גאַסן געוואָרן טומלדיק פון דער יוגנט. בחורים און מיידלעך האָבן געשפּאַצירט און דיסקוטירט; געקאָכט זיך, געאַמפּערט זיך און געפירט וויכוחים ווי די טאַטעס אַמאָל אין בית־מדרש.

רבי געצל איז אַלט געוואָרן. ער איז שוין אין די הויכע זיבעציקער. אַנדערע זאָגן, אַז ער איז שוין צום צווייטן מאָל בר מצווה געוואָרן, עס מיינט, ער איז שוין אַלט דריי און אַכציק יאָר. ער איז נאָך אַלץ דער גמרא־מלמד. אָבער ס׳איז שוין נישט דאָס וואָס אַמאָל. זיינע תלמידים איצט זענען אַ סך ייִנגערע ווי די אַמאָליקע תלמידים זענען געוועזן. אַמאָל פלעגט צו אים אָנקומען אַ תלמיד, ווען ער איז אַלט געוועזן אַ יאָר צוועלף, דרייצן, גאָר זעלטן, ייִנגער, סיידן נאָר ווען דער תלמיד איז געוועזן אַן עילוי. לערנען האָט דער תלמיד אַמאָל געלערנט ביי געצלען אין חדר ביז ער איז אַלט געוואָרן זיבעצן אָדער אַכצן יאָר און נאָך עלטער — ביז ער האָט חתונה געהאַט, סיידן ער איז אַוועקגעפאָרן אין ישיבה. איצט אָבער האָט ער נישט קיין תלמידים עלטער פון פערצן יאָר. מען הערט אויף לערנען יונג.

אין שטעטל זעט ער זיך נישט אָן צו שטאַרק. די אַמאָליקע תּלמי־דים זענען שוין איצט יידן אין די הויכע פופציקער. די יינגע זענען ווייט פון פרום. ווינציק פון זיי פירן אָן אמתן יידישן שטאָט. אָבער דרך ארץ האָבן נאָך אַלע פאַרן אַלטן רבין.

אפילו נאָך איצט קומען צו אים אַ שבת נאָכמיטאָג תּלמידים אויף אַ באַ־זוך. אמת געציילטע נאָר. אַממייניסטן די וואָס רעדן העברעאיש און זענען ציוניסטן. צוליב די תּלמידים האָט רבי געצל איבערגעלייענט אַ סך השכּלה ביכער. מען קען נישט זאָגן, אַז ער איז נתפּעל געוואָרן פון זיי. קיי און שפּיי — פלעגט ער זאָגן — אַ דור אַ גאַנצער פאַרנעמט זיך בלויז מיט אגדתא.

כלאָוונע האָט אים אַמאָל געבראַכט „פּאַראַדאָקסן" פון מאַקס נאָרדוי, אין אַ העברעאישער איבערזעצונג. רבי געצל האָט איבערגעקוקט דאָס ביכל און געזאָגט צו כלאָוונען:

— אַ נישקשהדיקער מוכיח, אָבער וואָס זיין דרך איז, ווייס איך נישט. מסתּמא ווייסט ער אויך נישט. האָט ספקות וועגן האָבן ספקות.

וועגן אחד העם האָט ער געזאָגט:

— ער וויל זיין אַ ייד אויף אַ גויאישן אופן. ס'איז נאָך שווערער ווי צו זיין אַ ייד אויף אַ יידישן דרך.

אין יענער צייט איז זיין באַליבטער תּלמיד געווען אַ יינגל פון אַ יאָר צען, אַ שוסטערס אַ יינגל מיט אַ פלינק קעפּל און אַ געשליפענעם צינגל. געצל האָט געשפּאַסט:

— לערנען וועסטו קענען און אַ ייד וועסטו בלייבן. ווייסט פאַרוואָס? דו וועסט אפילו נישט האָבן גענוג אמונה צו שמדן זיך.

אָבער ער האָט זייער ליב געהאַט דאָס „זשוואַווע" יינגל און דאָס יינגל האָט ליב געהאַט דעם רבין אהבת נפש.

***

אויף דער „בירזשע" האָט זיך געטומלט. שמשון דוד־אריהס איז געוואָרן אויס סאָציאַל־דעמאָקראַט און איז געוואָרן אַ סאָציאַליסט־רעוואָ־לוציאָנער. מען זאָגט אַז ער טראָגט מיט זיך אַ „שפּייער" — אַ רע־וואָלווער.

שמשון איז געווען אַמאָל פון די גאָר גוטע תלמידים פון געצלען און דער טאַטע דוד־אריה איז אויך געווען געצלס אַ תלמיד.

הפנים אַז עס איז געווען אַן אמת, וואָס מען האָט גאָזאָגט, אַז שמשון טראָגט זיך אַרום מיט אַ רעוואָלווער. איינמאָל אין אַן אָוונט איז געווען אַ גרויסע שקלא וטריא צווישן די פּאַרטייען, אַ דיסקוסיע־אָוונט. נאָכדעם ווי מען איז זיך צעגאַנגען האָט שמשון דוד־אריהס אויסגעשאָסן פון זיין רעוואָלווער. געשאָסן צום הימל, גלייך אין דער ליכטיקער לבנה.

אויסגעשאָסן האָט ער לעבן בעניע דעם סטאָליערס שטוב. בעניעס ווייב איז געווען אין זיבעטן חודש. די נאַכט איז געווען אַ הייסע, אַ שטיקנ־דיקע און דאָס טראָגעדיקע ווייבל האָט נישט געקענט שלאָפן. זי איז געזעסן אויף אַ שטול לעבן פענצטער. זי האָט געזען ווי שמשון האָט אָנ־געשטעלט דעם רעוואָלווער. ווען זי האָט דערהערט דעם קנאַל פון שאָס, האָט זי אַ געשריי געטון פון שרעק, אַראָפּגעפאַלן פון שטול און מפּיל געווען.

אין שטעטל איז געוואָרן אַ טומל. אָבער קיינער האָט נישט גע־וואָלט אָנהייבן מיט דער חברה. בעניע איז אַוועקגעלאָפן צו אריה־דודן און אָנגעהויבן יאָמערן און קלאָגן. געמאָנט יושר. דוד־אריה, דער שיינער ייד און דער גרויסער לערנער, האָט זיך צעוויינט פאַר בעניען:

— וואָס בין איך שולדיק, בעניע? מיינסטו, אַז איך וויל אַ בן סורר ומורה?

אין אָוונט איז דוד־אריה געקומען צו געצל דעם מלמד און אויס־געגאָסן זיין ביטער האַרץ פאַרן אַלטן:

— רבי איך שעם זיך ווייזן מיין פּנים אין שול. אפשר וועט איר זיך דורכרעדן מיט שמשונען? אַמאָל האָט ער דרך ארץ געהאַט פאַר אייך. ער איז דאָך פּשוט אַ הורג נפש.

רבי געצל האָט אַ זיפץ געטון:

— אַוועק זענען די יאָרן, אריה, ווען ער האָט זיך צוגעהערט צו מיר. שמשון איז דאָך געווען אַ יינגל מיט אַ שאַרף קעפּל, אַלעמאָל אַ בעל־מידות. ער איז אויפגעהאָדעוועט געוואָרן אין אַ יידישער שטוב און דאָך זעסטו — טראָגט ער זיך אַרום מיט אַ כלי משחית. ער מיינט מסתמא, אַז ער איז קליגער פון אַלטן רבין. אָבער פּטור בלי כלום אי

אפשר — איך וועל עס נישט פאַרשווייגן. איך וועל שיקן נאָך אים. אויב ער וועט קומען, וועל איך זיך דורכרעדן מיט אים.

שבת נאָך מנחה האָט רבי געצל אַוועקגעשיקט זיין באַליבטן תלמיד אויף דער בירזשע, ווו אַלע יונגען געפינען זיך. ער האָט געזאָגט צום בחורל:

— גיי זאָג שמשונען, אַז איך וויל אים זען, איך וויל זיך דורכ־שמועסן מיט אים. זאָג אים, אַז איך וועל אים נישט אויפעסן. צוריק גערעדט האָסט אַ שאַרף צינגל, וועסט וויסן ווי צו רעדן.

דער תלמיד אַ קליינינקער, אַ שוואַרצינקער, אַ פלינקער האָט זיך געלאָזט גיין אויף דער בירזשע. ער האָט געפונען שמשונען און אים אַ צי געטון פאַרן אַרבל:

— רבי געצל וויל אייך זען.

שמשון האָט געהאַלטן אין מיטן אַ היציקער דעבאַטע. ער האָט אָפּגעשאַרט דאָס יינגל און געזאָגט:

— לאָז צורו, קאַפּוזשיקל, שלעפּ נישט פאַרן אַרבל.

דאָס יינגל האָט נישט אָפּגעלאָזט, ער האָט אים אַ שלעפּ געטון ביי דער פּאָלע:

— דער רבי האָט אייך גערופן.

— וועסט אַוועקגיין דו שוואַרצער „ביזשיק" — האָט שמשון אַ גע־שריי געטון. אַנישט גיב איר דיר אַ פּלאַם אַזש דו וועסט זיך זעקס מאָל איבערקוליען.

דאָס יינגל האָט געענטפערט טראָציק:

— פאַרוואָס זאָלט איר מיך שלאָגן? איך בין דאָך נאָר אַ שליח. דער רבי האָט געזאָגט, אַז אויב איר האָט מורא, זאָל איך אייך זאָגן, אַז ער וועט אייך נישט אויפעסן. ער וויל נאָר זיך דורכרעדן מיט אייך. האָט נישט קיין מורא.

חברה האָט אַרויסגעפּלאַצט:

— האָסט מורא, שמשון?

— איך האָב מורא, האָט שמשון זיך צעקאָכט? ווער האָט מורא? איך האָב נישט קיין מורא פאַרן צאַר און איך גלויב נישט אין גאָט, וועל איך מורא האָבן פאַרן אַלטן?

דאָס ייִנגל האָט זיך גערייצט:

— דער צאַר איז אין פּעטערבורג, גאָט איז אין הימל — קענט איר ביידן אַרויסשטעלן אַ פייג. אָבער רבי געצל איז דאָ, האָט איר מורא.

שמשון איז געוואָרן רויט פון כּעס. ער האָט אַ קוק געטון אויף דעם ייִנגל מיט די קלוגע אָפּלאַכערישע אויגן און אַרויסגערעדט שאַרף:

— קום, דו לאַנגע צונג.

רבי געצל האָט געוואַרט אויף זיי. ער האָט געזאָגט שטיל צו שמשונען:

— זעץ זיך, שמשון, ביסט פאַרהיצט, אפשר ווילסטו אַ קאַלטן טרונק קוואַס?

— ניין, רבי, האָט שמשון געענטפערט און זיך געזעצט.

אַ ווײַלע זענען ביידע געווען שטיל. רבי געצל האָט אַרויסגענומען די טאַבאַקערקע, אָנגעקלאַפּט אין איר מיטן מיטלסטן פינגער. אַרויסגענומען אַ שמעק טאַבאַק, אַ שמעק געטון, אַ נאָס געטון און זיך אַ קער געטון צו שמשונען:

— איך וויל דו זאָלסט פאַרשטיין, שמשון, אַז איך האָב דיך נישט גערופן צו זאָגן דיר מוסר. דו האָסט זיך אויפגעהאָדעוועט אין אַ ייִדישער שטוב און עס האָט נישט געהאָלפן. דו האָסט געלערנט ביי מיר פיר יאָר און עס האָט נישט געהאָלפן. וועט זאָגן דיר צען מינוט מוסר אוודאי נישט העלפן. איך האָב דיך גערופן, ווייל איך וויל פאַרשטיין דיין דרך. דו ביסט אַלעמאָל געווען אַ גוטער בעל־מסביר. זאָג זשע מיר, וואָס איז דער שכל אין שיסן? איר אַלע האָט דאָך מסתמא אַ שיטה.

הפּנים אויף אַזאַ געשפּרעך האָט זיך שמשון נישט געריכט. ער איז געבליבן זיצן אַ ווײַלע פאַרטראַכט און דערנאָך געזאָגט:

— גוט, רבי, איך וועל אייך ברענגען עטלעכע בראָשורעס. זיי וועלן אייך דערקלערן די פּראָגראַם פון אונדזער פּאַרטיי. זיי זענען געשריבן אויף אַ קלאָרן זשאַרגאָן. אָבער איר וועט זיך דאַרפן היטן, רבי, דאָס זענען די אמתע טריף־פּסולען.

רבי געצל האָט אַ מאַך געטון מיט דער האַנט:

— וואָס טויג מיר קונטרסים, שמשון? וואָס איז געשריבן איז לחוד און דאָס וואָס טראַכטן און טוען די וואָס זענען אין דער חברה איז לחוד.

איך וויל וויסן דיין שיטה, וואָס האָסטו געוואָלט מתקן זיין מיט דיין שיסן אין דער לבנה?

— פראָסט, רבי, אין אייער לשון גערעדט ווילן מיר ברענגען משיחן פאַר אַלעמען, פאַר דער גאַנצער וועלט. קהלת זאָגט, האָט שמשון אָנגעהויבן רעדן שטיל, „און איך האָב ווידער באַטראַכט אַלע רויבערייען, וואָס ווערן אָפּגעטון אונטער דער זון. און אָט זענען די טרערן פון אַלע באַרויבטע און ס׳איז נישטאָ ווער עס זאָל זיי טרייסטן. און די מאַכט איז אין די הענט פון זייערע באַדריקער און נישטאָ ווער עס זאָל טרייסטן". רבי, מיר ווילן זיי טרייסטן. ניין, מיר וועלן אָפּשאַפן די באַדריקער און עס וועלן נישט זיין קיין געדריקטע. מיר וועלן אויסראָמען אַלע רויבער און עס וועלן מער נישט זיין קיין טרערן אויף קיינעמס באַקן.

— אַ פיינע שיטה, שמשון, אָבער זאָג מיר, ווי אַזוי וועט איר עס אויספירן?

— פשוט, רבי, מיר וועלן געבן ביקסן אין די הענט פון אַלע אומגליקלעכע, זיי אויסלערנען שיסן און זיי וועלן אויסראָמען אַלע רשעים. קיין זכר וועט פון זיי נישט בלייבן.

— און דערנאָך? נאָכן נצחון?

— וועט זיין שלום אויף דער וועלט, גליק און שלווה.

— און זיי וועלן אַוועקלייגן די ביקסן?

— אוודאי, רבי.

געצל איז אויפגעשטאַנען און אַראָפּגעקוקט אויף שמשונען, וואָס איז נאָך געזעסן:

— מאַכסט אַ טעות, שמשון. רשעות קען מען נישט אויסראָמען מיט רשעות. איר וועט באַדאַרפן פאַרשפּרייטן אַזוי פיל שנאה, קנאה און איינפלאַנצן אַזוי פיל רשעות כדי אויסצוראָמען די אַלטע שנאה, רשעות און קנאה, אַז נאָכן נצחון וועט איר דאַרפן אָנהייבן פונדאָסניי. די רשעות און כוח וועלן זיין אין די הענט פון נייע רויבער. אָט נעם זיך אַליין. פאַרוואָס האָסטו אין מיטן דערינען געשאָסן? ווייסט פאַרוואָס? ווייל דו האָסט געהאַט אין קעשענע אַ כלי משחית. צוליב ברענגען די גאולה האָט בעניעס ווייב געדאַרפט צו ערשט מפּיל זיין?

שמשון האָט זיך אויפגעשטעלט:

—איז שוין נישטאָ קיין האָפענונג?

— וואָס מיינסטו נישטאָ? יעדער מענטש האָט אין זיך אַ ניצוץ אלקים. עס שטייט געשריבן ויברא אלהים את האדם בצלמו ובדמותו — גאָט האָט געשאַפן דעם מענטשן אין זיין געשטאַלט און אין זיין אויסזען. נישט „ויברא אלהים את היהודי", „ער האָט געשאַפן דעם יידן", נאָר דעם מענטש. אוודאי וועט סוף כל סוף רשעות פאַרשווינדן פון דער ערד. אָבער וועסט עס נישט צואיילן מיט דער ביקס.

— ווער קען עס אַזוי לאַנג וואַרטן?

— דיין שיטה, שמשון, וועט די גאולה גיכער נישט ברענגען.

— איך גלויב נישט אין זיצן מיט פאַרלייגטע הענט און וואַרטן, האָט שמשון געענטפערט.

— ווער זאָגט דיר צו זיצן מיט פאַרלייגטע הענט? הויב אָן מיט זיך. צו ערשט — דו אַליין זיי ערלעך און פרום. און טו קיינעם נישט קיין שלעכטס. ז'ערנאָך לערן אַנדערע צו זיין ערלעך און פרום און טון גוטס. זיי זיך מקריב פאַר יושר און צדק אויב נויטיק און לערן אַנדערע דאָס צו טון. אָבער אָנהייבן מיט שיסן? ניין. דאָס איז נישט דער ריכטיקער דרך. צייט גיין דאַווענען מנחה.



דאָס תלמיד־ייִנגל דאָס בין איך געווען. שמשון איז איצט אין ניו־יאָרק. ווען איך האָב אים אַמאָל דערמאָנט וועגן יענעם שבת פאַרנאַכטיקן שמועס מיט רבי געצלען, מיט פינף און פערציק יאָר צוריק, האָט מיר שמשון געענטפערט:

— דו ווייסט? דער אַלטער האָט מיך דעמאָלט אַזוי צעטומלט, אַז איך בין אין גאָר אַ קורצער צייט אַרויסגעטראָטן פון דער פּאַרטיי. עס איז אָבער געווען אַ צייט, ווען איך האָב געמיינט, אַז דער אַלטער איז אינגאַנצן אומגערעכט. לעצטנס הויב איך אָן צו גלויבן, אַז רבי געצל איז געווען אַ זקן מיט זייער אַ ווייטן קוק. עס קען דאָך אָבער זיין, אַז איך טראַכט אַזוי, ווייל איך אַליין בין שוין אַ ייד אין די הויכע זעכציקער.

# עמיצער דאַרף זיין דער ערשטער

אין דעם שטעטל קאַלינקאָוויטש אין ווייסרוסלאַנד האָט געלעבט אַ ייד מיטן נאָמען בן־ציון. ער איז געווען אַ שוסטער. נישט קיין געהויבענער שוסטער איז ער געווען. שיך פון שאַווראָ (פיינעם גלאַנציקן לעדער), מיט הויכע אָפּצאַסן, מיט לאַקירטע און האַרטע נעזלעך האָט ער נישט געקענט נייען. אָבער פויערשע שטיוול געמאַכט פון יוכט מיט פּאָדקאָוועס אויף די אָפּצאַסן (קנאַפּל), צוויי בלויע אויערלעך איינגענייט אין די האַרטע גלאַנציקע כאָלעוועס און די פּאָדעשווע דיק ווי אַ ברעט, — אַזעלכע שטיוול האָט ער יאָ געקענט „אויפבויען“. די פויערים פון קאַנט האָבן געוווסט, אַז ווען בן־ציון נייט אויף אַ פּאָר שטיוול איז פאַראַן וואָס צו טראָגן. אָבער די פויערים זענען געווען אָרעם און בן־ציון האָט קיינמאָל נישט פאַרדינט גענוג אויף חיונה.

ער איז געווען אַ בעל מטופל מיט אַכט קינדער, איז דאָס ווייב זיינס, מערע, געווען די בעלת־פּרנסה. זי האָט אָנגעפירט מיט אַ בעקעריי און האָט פאַרדינט מער ווי איר מאַן.

האָבן געלעבט מאַן און ווייב ווי אַלע אָרעמעלייט — אַ שווער, געמאַטערט לעבן. אָפט האָט מען זיך געקריגט, ווייל ס׳איז זעלטן געווען גענוג אויף אויסקומעניש. אָבער אין זייערע קריגערייען איז קיינמאָל נישט געווען קיין שנאה און ביטערניש. דאָס האָט זיך די אָרעמקייט געקריגט.

אין דעם לעצטן יאָר איז זיי געוואָרן נאָך שווערער צו לעבן. דער שכר־לימוד פאַר די ייִנגלעך איז פאַרגרעסערט געוואָרן צוליב דעם מיטלסטן ייִנגל שלמה. דאָס ייִנגל, האָט זיך אַרויסגעוויזן, האָט אַן עילוישן קאָפּ. האָט דאָס אָרעמע פּאָרל אים אָפּגעגעבן אין חדר צו געצל דעם

מלמד, וואָס האָט געלערנט מיט זעקס יינגלעך בלויז. דער שכר־לימוד פאַר אַ זמן איז געווען פולע פינף און צוואַנציק רובל, אַ זעקסטל פון בן־ציונס יערלעכער פּרנסה.

דאָס איז געשען אין דעם ווינטער פון דער רוסיש־יאַפּאַנישער מלחמה. די שטעטלשע בעלי־מלאכות זענען אויפגעריכט געוואָרן. איבער־הויפּט די שוסטערס. זיי האָבן פּשוט געשאַרט גאָלד. די צאַרישע רעגי־רונג האָט אַרויסגעגעבן גרויסע באַשטעלונגען אונטערצונייען וואַלינקעס. די אַרבעט האָט געדאַרפט צוגעשטעלט ווערן צו אַ באַשטימטן טערמין. מען האָט געכאַפּט פּועלים פון אונטער די הענט. די באַלעבאַטים האָבן געצאָלט צו שנעלע בעלי־מלאכות אַזוי הויך ווי פינף און צוואַנציק רובל אַ וואָך. אפילו פּאַמעלעכע און נישט קיין איבעריקע גוטע אַרבעטער האָבן פאַר־דינט פופצן און אַכצן רובל אַ וואָך.

בן־ציון האָט דעמאָלט געאַרבעט פאַר זיינעם אַ פעטער, וואָס האָט געהאַלטן אַ גרויסן וואַרשטאַט. עס האָבן דאָרט געאַרבעט צוועלף פּועלים. דער פעטער האָט געהאַט אַ גרויסע באַשטעלונג פאַר אונטערגענייטע וואַ־לינקעס פאַר דער אַרמיי.

די וואָך וואָס מען האָט אָנגעהויבן אַרבעטן אויף די וואַלינקעס האָט מערע צוגעזען איר מאַן, ווי ער וואָלט געווען אַ ציטערדיקער בן־יחיד. זי האָט זיך געריכט אַז קומענדיקן שבת צונאַכט וועט ער ברענגען די גרויסע שכירות און זי וועט קענען צעלאָזן אירע הענט. אין שטוב וועט ממש ליכטיק ווערן.

שבת צונאַכט האָט בן־ציון געבראַכט די שכירות אין אַ שטיקל בלויען שטיקל צוקער־פּאַפּיר און עס אַוועקגעלייגט אויפן טיש פאַר מערען. זי האָט פונאַנדערגעוויקלט דאָס פּאַפּירל, אַ קוק געטון אויף די דריי זילבער־נע רובל און זיך אַ קער געטון צו בן־ציונען און געזאָגט מאָדנע רואיק:

— בענטשע, וואָס זענען דאָס פאַר אַ שכירות?

ווען מערע רעדט אַזוי רואיק האָט בן־ציון געוווסט, אַז זי איז גוט אין כעס. ער האָט אָבער קענטיק זיך געמאַכט האַרץ, געגעבן צוויי זופּן פון דעם הייסן טיי. דאָך האָט ער מורא געהאַט צו קוקן מערען אין פּנים, האָט ער איינגעגראָבן די אויגן אין דער גלאָז טיי און אַ בורטשע געטון:

— ער גיט נישט מער.

— וואָס מיינסטו, ער גיט נישט מער? — האָט שוין מערע געזאָגט הויך אויפן קול.

בן־ציון האָט געהאַלטן די גלאָז טיי אין ביידע הענט, אַ בלאָז געטון אויף איר און דערנאָך געענטפערט ווידער דאָס אייגענע:

— ער גיט נישט מער.

מערע האָט שוין אָנגעהויבן רעדן אין איר געוויינטלעכן כסדרדיקן און ביטערן טאָן:

— וואָס מיינט ער זיך, דיין געהויבענער באַלעבאָגד? דער פיינער ייד, וואָס לערנט משניות נאָך אַלע דאַוונען? וויבאַלד אַז ער איז דייגער אַ פע־טער קען ער דיר געבן וואָס זיין רייך האַרץ גלוסט?

בן־ציון האָט געזופט דעם טיי און נישט געענטפערט.

מערע האָט שוין פאַרלוירן איר געדולד אויף אַן אמתן:

— איך רעד דאָך צו דיר. פאַרוואָס ענטפערסטו נישט? האָסט שוין אָפּגעבריט די צונג דיינע און האָסט פאַרלוירן דעם לשון?

בן־ציון האָט אַ לעצטן זופּ געטון, אַוועקגעשטעלט די ליידיקע גלאָז טיי מיט אַ רעש און אָנגעהויבן רעדן שוין מיט די הענט:

— איך האָב דאָך דיר געזאָגט אַז ער גיט נישט מער. וואָס האָסטו זיך צוגעטשעפּעט ווי אַ קליעשטש? מיט געוואַלד קען איך נישט נעמען.

ער האָט זיך אָנגעגאָסן אַ פרישע גלאָז טיי. מערע האָט אַ ווײַלע געקוקט אויף איר מאַן, צונויפגעלייגט אירע הענט אויפן האַרצן און האָט אָנגעהויבן רעדן מיט טרערן אין האַלדז:

— עס פּאַטופּעט זיך נישט מיר אין מוח דער גאַנצער ענין. אַלע שוסטער שאַרן גאָלד. דו האָסט מיר געבראַכט ווידער דיינע דריי קאַר־בוינים. און איך האָב שוין געמיינט אַז מיר זענען געהאָלפן געוואָרן. מיר וועלן זיך אויסצאָלן מיטן שכר־לימוד, באַקליידן די קינדער, קויפן דיר אַ פּאַלטאָ. ברענגסטו מיר דיינע דריי רובל, דיינע אַלטע שכירות. וועלכע לאָך קען איך מיט זיי פריער פאַרשטעקן?

— וואָס האָסטו זיך אינמיטן דרינען דערמאָנט, אַז איך קען מער נישט פאַרדינען ווי דריי רובל אַ וואָך? וואָס איך קען, פאַרדין איך. וואָסי, איך פויל זיך? — האָט בן־ציון געקראָגן לשון.

— איך ווייס, איך ווייס, האָט מערע געענטפערט, דו פוילסט זיך

נישט. ביסט נאָר אַ שלימזלניק. אָבער אונטערנייען וואַלינקעס קאָנסטו דאָך! וועל איך טאַקע אַריבערגיין צו דיין רייכן פעטער איטשע און אים פרעגן איין וואָרט: היתכן? וועל איך הערן וואָס ער וועט מיר ענטפערן. נאָכדעם וועל איך אים פרעגן: האָט איר נישט גאָט אין האַרצן? אייזיק דער לאַטוטניק, האָט מיר זיין ווייב דערציילט אין ווייבערשער שול, האָט פאַרדינט גאַנצע צוועלף רובל לעצטע וואָך, און מיין בענטשע, וואָס קען מאַכן אַ גאַנצע פּאָר שטיוול האָט פאַרדינט דריי קארבוינים סערעבראָם (זילבער). טאַקע, היתכן?

— וועסט שוין אויפהערן צו קארבוינעווען? — האָט בן־ציון גע־ענטפערט מיט כעס. האָב קיין מורא נישט, דער פעטער איטשע איז אַן ערלעכער ייד. ער וועט דיינס נישט פאַרנעמען.

מערע איז אים נישט געבליבן שולדיק קיין ענטפער:

— נישקשה, איך קען די ערלעכע יידן. זיי זענען אלע גוט און פרום ביז דער קעשענע. איך וועל עס נישט פאַרשווייגן. אם ירצה השם שבת נאָכן שלאָפן וועל איך אַריבערגיין צו אים. מירן שוין זען.

דאָ איז בן־ציון אויפגעקאָכט געוואָרן, אויפגעשפּרונגען מיט כעס, גאָרנישט ווי זיין שטייגער, און אָנגעהויבן קלאַפּן אין טיש:

— איך זאָג דיר, מיש זיך נישט. ס'איז נישט דיין עסק. שטעק נישט אַריין די ווייבערשע נאָז ווו מען דאַרף נישט.

מערע האָט פאַרזשמורעט די אויגן, פאַרשטייפט די ליפּן און גאָר רואיק אַ זאָג געטון, ווי איר שטייגער איז געווען, ווען זי האָט ביי זיך באַשלאָסן וואָס צו טון:

— אַזוי גאָר? איז דאָך די גאַנצע מעשה קשה. דאָ איז פאַראַן אַ גאַנ־צער סעקרעט (סוד). איך וועל שוין אויסגעפינען.

בן־ציון האָט אַראָפּגעלאָזן דעם קאָפּ און געשוויגן.

שבת נאָכן עסן, ווען בן־ציון האָט זיך געלייגט שלאָפן, האָט מערע געזאָגט צו איר לערנער:

— שלמהקע, נעם די גמרא און קום צום פעטער איטשע. זאָל ער דיך פאַרהערן. איך ווייס, אַז ער וועט קוקן ווי אַ האָן אין בני־אָדם אין דער גמרא. אָבער ער האַלט זיך דאָך פאַר אַ למדן צווישן די שוסטערס — לערנט משניות נאָכן דאַווענען, איז זאָל ער זיך איבערנעמען, אַז איך האָב

געבראַכט צו אים דעם קאַלינאָוויטשן עילוי צו פאַרהערן. נאָכן פאַרהערן וועט זיין גרינגער צו רעדן מיט אים וועגן דעם טאַטנס שכירות.

דעם יינגל איז געפעלן געוואָרן דער מאַמעס איינפאַל.

אָבער מערע האָט נישט אָפּגעגאַרט דעם פעטער איטשע. באַלד נאָכן פאַרהערן האָט ער געהייסן דערלאַנגען טיי און שבת־אויבס און דערנאָך האָט ער אַ זאָג געטון צו איר:

— הער מערע, איך קען דיר פאַר אַ קלוגער און דו טוסט נישט קיין זאַכן גלאַט אין דער וועלט אַריין. פאַרוואָס האָסטו גלאַט גלאַט אין „מיטשקע דרינען" מיר געבראַכט דיין לערנער צו פאַרהערן? פון ווען אָן בין איך געוואָרן אַזאַ למדן, אַז איך זאָל באַלד קענען כאַפּן אַ סוגיה גמרא מיט אַ תוספות?

דאָס יינגל האָט זיך צעלאַכט און מערע האָט זיך נישט פאַרלוירן. זי האָט אַ גלעט געטון דאָס יידענע טיכל וואָס זי האָט געטראָגן אויפן קאָפּ, איבערגעבונדן דעם קנופּ און געזאָגט:

— אַ געזונט אויף אייך, ווי דאָס האַרץ האָט אייך געזאָגט, אַז איך וועל נישט קומען גלאַט אין דער וועלט אַריין. וועל איך טאַקע שוין, איצט פרעגן, פעטער: ווו איז יושר? ווו איז יהדות, וואָס איר צאָלט ווי אַלעמאָל נאָר דריי רובל אַ וואָך? מיינער נייט דאָך אויך אונטער וואַלינקעס און אייזיק דער לאַטוטניק קריגט ביי אייך צוועלף — — —

— טענה נישט אַזוי פיל, האָט דער פעטער געענטפערט — אָבער ווער האָט דיר געזאָגט אַז ער נייט אונטער וואַלינקעס?

מערע האָט אויף אַ ווײַלע פאַרלוירן דאָס לשון. באַלד איז זי אָבער געקומען צו זיך:

— איז דאָך די עוולה נאָך גרעסער, פאַרוואָס האָט איר אים געזעצט נייען גאָר שטיוול? פאַרוואָס גיט איר אים אויך נישט אונטערצונייען די וואַלינקעס?

— ווער זאָגט עס דיר אַז איך גיב אים נישט?

מערע האָט געקוקט צעטומלט אויפן פעטער:

— זאָגט זשע מיר וואָס טוט זיך דאָ? אַז איר גיט אים פאַרוואָס נייט ער נישט?

— וואָס פרעגסטו מיך? האָט ער פּעטער געענטפערט מיט רוגזה — פרעג אים, ער איז דאָך דיין מאַן. ער וויל נישט אונטערנייען קיין וואַלינקעס.

מערע האָט זיך נישט אונטערגעגעבן:

— זייט זשע מוחל, פּעטער, וואָס איך וועל אייך זאָגן, נעמט עס נישט פאַר אומגוט. מיין האַרץ איז מיר ביטער, רעד איך: איר פּלאָנטערט מיט דער צונג ווי מיין מאַן. מיינער זאָגט מיר, איר גיט נישט מער. איר זאָגט — ער וויל נישט אונטערנייען קיין וואַלינקעס. וואָס טוט זיך דאָ? מיר גיסט זיך בלוט פון האַרצן. די קינדער גייען באָרוועס, נאַקעט. מיר זענען פאַרשולדיקט איבערן קאָפּ. די עלטערע מויד שטייט אין שידוכים און זי גייט אַרום אָן אַ קליידל. אַלע שוסטער שאַרן געלד, האָב איך געמיינט אַז איך וועל אויך אויפגעריכט ווערן — איז נאָ דיר גאָר — גיט נישט, ער נייט נישט. מען קען דאָך משוגע ווערן — פון זינען אַראָפּ!

דער פּעטער איטשע האָט אַ זיפץ געטון און געזאָגט מיט רחמנות:

— איך ווייס דיין ביטער האַרץ, אָבער וואָס זאָל איך טון? איך האָב דיר פּראָסט נישט געוואָלט דערציילן וואָס עס טוט זיך דאָ. איך האָב מורא געהאַט אַז דו וועסט מיינען אַז ער איז געוואָרן חסר דעה ווי אַן אמתער משוגענער. הער מיט קאָפּ. ער האָט מיר געזאָגט: „איך וויל נישט אַז אין מיינע וואַלינקעס זאָל מען שיסן מענטשן".

מערע איז געבליבן זיצן ווי אַ צעמישטע. אויף אַזאַ זאַך האָט זי זיך גאָרנישט געריכט. זי איז געזעסן אַ היפּשע ווײַלע אַ שווייגנדיקע. נאָכדעם האָט זי זיך אויפגעהויבן, אויסגעווישט מיט דעם שפּיץ עק פון קאָפּטיכל די פאַרטרערטע אויגן און אַ זאָג געטון צום זון:

— שלמהקע, נעם די גמרא און קום.

צום פּעטער האָט זי געזאָגט:

— נעמט נישט פאַר אומגוט מיין גערעדעריי צו אייך. ס'איז מיר נישט גוט, פּעטער. נישט גוט. שריי איך.

דער פּעטער איטשע האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ: איך ווייס, איך ווייס!

***

באַלד נאָך הבדלה האָט זיך מערע גענומען צו איר מאַן:

— זאָג נאָר מיר, בענטשע, וואָס טוט זיך ביי דיר אין קאָפּ? דו מיינסט אַז אין פּעטערבורג,ביים קייסער אין סענאַט זיצט מען און מען וואַרט אויף דיינע וואַלינקעס? אָן דיינע וואַלינקעס וועט מען נישט קענען שיקן קיין יוונים אין פּאָרט־אַרטור?

בן־ציון האָט געשוויגן.

זי האָט נישט אָפּגעלאָזן:

זיצט אַ שוסטער אין אַ העק און וויל נישט אונטערנייען קיין וואַ־לינקעס. וואָסי, מען שיסט! ווען האָבן זיי נישט געשאָסן? ווילסטו אָבער נישט. ווילסט איינפירן נייע פּאַראַנדקעס. איז וואָס טוסטו? הערסט אויף אונטערצונייען וואַלינקעס. נו, באַלד וועט מיט דיר אָנהויבן קלינגען די וועלט: בענטשע שוסטער נייט נישט אונטער קיין וואַלינקעס! אַ קלייניקייט? בענטשע שוסטער שטעלט אָפּ די מלחמה!

בן־ציון האָט געענטפערט אָנגעבלאָזן:

— ווער וויל, אַז די וועלט זאָל קלינגען מיט מיר?

מערע האָט געפאָכעט מיט דער האַנט אַרויף און אַראָפּ אים גלייך אין פּנים אַריין:

— האָב קיין מורא נישט. די וועלט וועט נישט קלינגען און וועגן דיינע מעשים וועט מען נישט זינגען. ווער וועט וויסן פון דיין משוגעת? נאָר דיינע קינדער וועלן בלייבן הוילע, נאַקעטע און באָרוועסע.

בן־ציון האָט נישט געענטפערט.

מערע האָט געביטן איר קול און אָנגעהויבן מיט תחנונים:

— איך פרעג דיר, ווי קאָנסטו זיין אַן אכזר צו דיינע קינדער? וווּ איז דער שכל אין דיין נישט נייען? ווערן די וואַלינקעס נישט אונטערגע־נייט? פירט מען נישט קיין מלחמה אָן דיינע עטלעכע וואַלינקעס?

דאָ האָט זיך בן־ציון ווי אויסגעטשוכעט. ער האָט אָנגעהויבן אַריינ־טענהן אין זיין ווייב:

— פאַרשטייסט, מערע, ווי וואָלט געווען, אַז קיינער וואָלט נישט אונטערגענייט קיין וואַלינקעס? אָבער טאַקע קיינער נישט! אַלע שוסטער! וואָס וואָלטן זיי דאָרט געטון אין פּעטערבורג? וואָלטן זיי געשיקט באָר־וועסע סאָלדאַטן אין די שנייען פון אמור? די מלחמה וואָלט געוואָרן אויס!

שלמה סיימאָן

— צרה מיינע — האָט מערע אויפגעפלאַמט, אָבער אַלע נייען דאָך יאָ!

בן־ציון האָט איר תיכף געענטפערט מיט האַרץ:

— אָבער עמיצער דאַרף דאָך זיין דער ערשטער!

מערע איז געבליבן זיצן אָפּהענטיק. זי האָט לאַנג געקוקט אויף דעם פאַרקאָכטן בן־ציון. זי האָט שוין געזען אַז זי וועט נישט אויספירן. זי האָט אַ זיפץ געטון: „מיין מזל, דווקא דו דאַרפסט זיין דער ערשטער".

זי האָט זיך צעוויינט, נישט שטאַרק אויפן קול, אין זיך נאָר, ווי איינער וויינט אויף עפּעס וואָס איז פאַרפאַלן און קיין געוויין וועט נישט העלפן, נאָר דאָס האַרץ איז פאַרקלעמט, קען מען זיך נישט העלפן עס וויינט זיך אַליין. בן־ציון האָט אויף איר געקוקט, געוואָלט עפּעס איר זאָגן און חרטה געהאַט. ער האָט געעפנט דעם סידור און אָנגעהויבן מיט אַ ניגון, די שבת־צונאַכטיקע זמירות: איש חסיד היה.

# אַ דין תּורה

דאָס איז געשען באַלד נאָך דער רוסיש־יאַפּאַנישער מלחמה. די באַנען זענען נישט געלאָפן אין צייט. דער יקרות איז געוואָרן גרויס. איבער־הויפּט איז געווען טייער ווייצנמעל. ס׳האָט אויסגעפּעלט. אפילו גוטע צאָלערס האָבן געמוזט ברענגען מזומן און אויך פאַר דעם גרייטן געלט האָבן זיי נישט געקראָגן וויפל זיי האָבן געדאַרפט אָדער געוואָלט.

אַן אויסנאַם אין שטעטל איז געווען מערע בן־ציון דעם שוסטערס. זי האָט געקראָגן וויפל מעל זי האָט געוואָלט פאַר איר גרויסער בעקערײַ. זי האָט אויך איצט ווי אַלעמאָל געקראָגן דאָס מעל אויף איר געווינטלעכער צאָלונג — געצאָלט איין מאָל אַ וואָך — שבת־צונאַכט. זי האָט גע־האַנדלט מיט רפאל דעם מעל־סוחר. ווען מען איז געקומען צו אים און געטענהט און געשריען: „ס׳טייטש און ס׳טייטש? פאַרוואָס קריגט מערע מעל וויפל זי וויל, גאַנצע פינף פודיקע זעקלעך, און מיר דאַרפן „אויס־קליינטשען" אַ האַלבן פּוד מעל, און פאַר דעם מוזן מיר נאָך ווייזן געלט פאַראויס?" האָט ר׳ רפאל געענטפערט געלאַסן:

— מערע האָט ביי מיר געקויפט מעל ווען עס איז געווען בזיל הזול. זי איז נישט אומגעלאָפן פון שפּייכלער צו שפּייכלער זען ווו זי קען קריגן מיט אַ גראָשן וואָלוועלער אויפן פּוד. זי האָט אַלעמאָל געצאָלט אין צייט מוצאי שבת. איר וואָרט איז געווען וואָרט. באַצאָל איך איר איצט פאַר די אַלע יאָרן פון ערלעכן האַנדל.

די אלמנהביילע אהרן נחומס, אויך אַ בעקערין, מערעס אַ שכנה האָט נישט געקענט קריגן קיין מעל אפילו פאַר מזומן. קיין גוטער צאָלער איז זי קיינמאָל נישט געווען. זי איז געבליבן שולדיק אַלע קרעמער

און מעל־סוחרים. אין די גוטע צייטן האָט זי געקויפט ווו זי האָט געקענט קריגן וואָלוועלער און אויסגעקאָכט דאָס וואַסער פון בויך ביים קרעמער. האָט מען זיך איצט אָפּגערעכנט מיט איר. וווהין זי איז געקומען זענען געווען בילכערע פאַר איר.

אַ גליק וואָס מערע האָט איר אַרויסגעהאָלפן. אין אָנהויב מיט אַ האַלבן פוד מעל, אַ פוד. נאָכדעם האָט זי זיך געטיילט מיט איר מיט דעם מעל וואָס זי האָט געקראָגן. ר׳ רפאלן איז געוואָרן קשה, וואָס מערע פאַר־נוצט אַזוי פיל מעל, האָט ער זיך פאַר איר נישט געשעמט און איר געזאָגט:

— מערע לעבן, זאָגט מיר דעם אמת, איר באַקט אויס דאָס גאַנצע מעל?

מערע האָט אים באַלד געענטפערט:

— ווי אַזוי קען איך אויסבאַקן איבער פיר זעקלעך מעל א וואָך?

— איז וואָס טוט איר מיט מיין מעל? שוין געוואָרן אַ סוחרטע הינ־טער מיינע פּלייצעס?

מערע האָט אַ ברוגזע אַרויסגעזאָגט מיט פאַרדרוס:

— פע, ר׳ רפאל, גאָר מיך חושד זיין אין אַזאַ זאַך? איך פאַרדין טאַקע אָן אייער מעל, אָבער נאָר אַ מצווה. און די מצווה טייל איך זיך מיט אייך אין האַרצן.

ר׳ רפאל איז געוואָרן נייגעריק און מערע האָט אים דערציילט דעם גאַנצן אמת און צוגעגעבן:

— איר ווילט דאָך נישט אַז אַן אלמנה מיט דערוואַקסענע טעכטער זאָל שטאַרבן פון הונגער?

— צאָלט זי אייך כאָטשבי?

— זי צאָלט, האָט געענטפערט מערע, צאָלט אין צייט.

רפאל האָט געוואָרנט:

— זעט אַז די מצווה זאָל אייך נישט קאָסטן צו טייער. פאַרגעסט נישט אַז איר האָט צען מיילער צו קאָרמענען. און זעט מיינע איבעריקע קונים זאָלן פון דעם נישט וויסן. עס וועט ווערן אַ ויצעקו.

— איך וועל האַלטן סוד — האָט מערע געענטפערט, אפילו איך מיין

אַז עס איז אַן עוולה, וואָס מען פאַרקויפט איר נישט קיין מעל. מען דאַרף האָבן גאָט אין האַרצן און נישט לאָזן קיין אלמנה אויפן וואַסער.

ר׳ רפאל האָט אַ מאַך געטון מיט דער האַנט:

— ביסטו דאָך אַ פּאָר צו דיין מאַן מיט די וואַלינקעס. נאָר יושר זוכט איר אין דער וועלט.

מערע איז רויט געוואָרן און נישט געענטפערט.

***

ערב שבועות שוין נאָכן אָנבייסן לויפט אַריין די אלמנה צו מערען אין שטוב און פּלאַצט אַרויס אין איין אָטעם:

— דו מוזט מיך ראַטעווען, מערע.

— וואָס איז געשען? האָט מערע געפרעגט מיט שרעק.

— אַ צרה, אַן אומגליק, — האָט זיך די אלמנה צולאָזן אויפן קול — דו ווייסט דאָך איך שטעל צו בולקעס צו די פּאָניעס אויפן וואָקזאַל. טראָג איך אָוועק היינט פאַרטאָג צוויי קאָשיקעס מיט בולקעס, זאָגט מען מיר אָן, אַז איך מוז ברענגען נאָך אַ פּוד בולקעס היינט נאָך וואַרעמעס. עס דאַרפן אָנקומען פרישע פּאָנקעס מיט דער נאָכמיטאָגדיקער באַן. נייע אַרבעטער אויף די רעלסן. טענה איך: ווו וועל איך איצט נעמען פערציק פונט בולקעס? זאָגט מען מיר: די אַרבעטער וועלן קומען הונגעריקע. מען דאַרף פאַר זיי צוגרייטן עסן.

זאָגט מערע:

— מיט וואָס קען איך דיר העלפן? ווייסט דאָך אַז מיטן מעל האָב איך זיך צעטיילט מיט דיר. מיין געבעקס האָב איך אויסגעפאַרקויפט. עפּעס אַן אויסכאַפּעניש איז היינט געווען אויפן מאַרק. ר׳ רפאל האָט מיר געזאָגט אַז ער וועט ברענגען פיר פורן מעל ערשט מוצאי יום טוב. אים איז אָנגעקומען מעל מיטן פּאַראָכאָד אין מאָזיר. איז ווו קען איך דיר נעמען איצט מעל? אדרבה זאָג.

זאָגט די אלמנה ווייך:

— וואָס מיינסטו איך בין משוגע, חסר דעה און ווייס נישט פון די אַלע זאַכן? אָבער זאָג מיר נאָר צו אַז דו וועסט נישט אין כעס ווערן וועל איך דיר זאָגן, ווי אַזוי דו קענסט מיר אַרויסהעלפן.

קוקט איר אָן מערע און ענטפערט:
— ווייסט דאָך אַז אויב איך וועל דיר קענען העלפן וועל איך דיר העלפן. וואָס רעדסטו עפּעס פון כעס?
זאָגט שוין די אלמנה:
— מירן שוין זען צי דו וועסט אין כעס ווערן צי נישט.
— נו, נו, צי נישט די עצמות — האָט מערע אויסגערופן בייזלעך.
רופט זיך אָן די אלמנה:
— אָט שטייט דאָך ביי דיר פּאַרקנאָטן אַ טייג. ס'איז מער ווי אַ פּוד אין מולטער.
קוקט איר אָן מערע און ענטפערט בייז:
— ביסטו דאָך טאַקע משוגע, חסר דעה פּראָסט פון זינען אַראָפּ. וואָס מיינסטו „אָט שטייט ביי דיר פּאַרקנאָטן אַ טייג" — דאָס איז דאָך פאַר די מילכיקע קיכלעך אויף יום טוב.
— האָב איך דיר געזאָגט אַז דו וועסט בייז ווערן — האָט געענט־פערט די אלמנה מיט נצחון.
— ווער איז בייז? האָט מערע אויסגעשריען, אָבער ווי פּאַלט דיר איין אפילו אַזאַ זאַך. וואָס פאַר אַ יום טוב וועט ביי מיר זיין אָן מילכיקע געבעקס?
דאָ האָט זיך די אלמנה צולאָזן אין אַ געוויין:
— און אַז איך וועל נישט צושטעלן דעם פּוד בולקעס וועט ביי מיר זיין אַ שיינער יום טוב? דער גויאישער בעקער שאַרפט שוין לאַנג די ציין אויף מיין צושטעלן די בולקעס צו די פּאַנקעס. און וואָס מיינסטו וועל איך מיט מיינע פינף טעכטער עסן היינטיקן שבועות? ברויט? קאָרע־נעם ברויט! דו דאַרפסט האָבן קיכלעך. אַלץ קומט דיר: אַ מאַן, אַ יינגל אַ לערנער. און וואָס האָב איך? פינף דערוואַקסענע מוידן, וואָס האָבן שוין געמעגט הערן קלעזמער מיט פינף יאָר צוריק. און מכות, צרות און „גריזאָטע"?
מערע איז געבליבן שטיין אַ בלייכע און געקוקט מיט אויפגעריסענע אויגן אויף דער אלמנה. נאָך אַ היפּשער ווײַלע שווייגן האָט זי אַ מאַך געטון מיט דער האַנט:
— נעם דאָס טייג און באַוויין מיך נישט. אפשר וועל איך זיך אָן דעם

אַן עצה געבן. אַנישט וועל איך עסן קאָרן־ברויט. אַלץ איינס וואָלט זיך מיר געשטעלט דער ביסן אין האַלדז.

די אלמנה האָט אויפגעפּראַלט אַ פענצטער, אַרויסגעשטעקט דעם קאָפּ און אויסגעשריען צו די טעכטער:

— קומט און העלפט מיר טראָגן דעם מולטער.

ווען זיי זענען אַוועק האָט זיך מערע געכאַפּט אַז זי האָט אפילו נישט געווּג קאָרן־ברויט פאַר דער משפחה פאַר די צוויי טעג. איז זי אַוועק צו ר׳ רפאלן. ער האָט זי אויסגעהערט און אַרויסגעפּלאַצט אין אַ געלעכטער:

— און דו האָסט זיך נאָך געקאָכט וואָס דער מאַן דיינער בייט נישט אונטער קיין וואַלינקעס. געוואַלד, וועל איך שרייען אין די גאַסן: ווי קען זיין אַזאַ קלוגע יידענע ווי דו אַזאַ אָפּגעריסענער נאַר?

מערע איז געוואָרן אין כעס:

— וואָס זאָגט איר מיר מוסר? וואָס קומט מיר אַז איך קען נישט צוזען קיין אלמנהס טרערן? אַ פאַרגלייך מיט נייען די וואַלינקעס. זאָגט מיר בעסער, צי איר האָט עפּעס מעל פאַר מיר.

ר׳ רפאל האָט אויפגעהערט לאַכן. ער האָט געקראַצט די באָרד, גע־קוקט אויף מערען און גערעדט ווי צו זיך:

— ס׳וואָלט געווען גוט דיך אָנצולערנען, דו זאָלסט הונגערן מיט די קינדער. אָבער זאָל מיינס אַריבער. עס שטייט ביי מיר אַ זעקל פּשוטע מעל. פאַר שוואַרצע בולקעס, נעם וויפל דו ווילסט.

***

דעם צווייטן טאָג שבועות, נאָך וואַרעמס, איז אַריינגעקומעןביילע די אלמנה צו מערען אין שטוב. אַ פריילעכע, אַ שיינענדיקע האָט זי זיך אַוועקגעשטעלט אינמיטן סאַליע, פאַרלייגט ביידע הענט אויפן פאַרטעך און אַ זאָג געטון:

— נו, מערע, וויפל ווערסטו מיר רעכענען פאַר דעם טייג?

— וואָס פאַר אַ רעכענען זיך אינמיטן יום טוב? האָט מערע גע־פרעגט.

זאָגט ביילע:

— אַז איך קען זיך נישט איינהאַלטן. איך וויל וויסן וויפל ווערסטו

מיר רעכענען, ווייל איך וועל דיר דערציילן עפּעס שיינס, אַזוינס אויף וואָס דו וואָלסט זיך קיינמאָל נישט געריכט איז דיין לעבן.
ענטפערט מערע:
— עס וועט נישט פאַרשפּעטיקן אַז דו וועסט מיר דערציילן מוצאי יום טוב. און וואָס איז דאָ פאַראַן וואָס צו רעכענען זיך? דו ווייסט וויפל מעל איך האָב פאַרנוצט און דו ווייסט וויפל מעל קאָסט אַ פּוד. דאָס ביסעלע זאַלץ? דאָס שטיקעלע הייוון? דאָס ביסעלע סוראָוועטקע? דאָס זענען שהי און פּהי.
— האָסט נישט געטראָפן, ענטפערט ביילע, דאָסמאָל וועסטו מיר רעכענען פאַרן מעל, פאַרן הייוון, פאַרן זאַלץ, פאַר דער סוראָוועטקע און אפילו פאַרן זאַלץ און דערצו וועסטו קריגן צוגעלייגט אַנדערהאַלבן רובל.
— וואָס עפּעס מיטאַמאָל אַזאַ וואַרפעניש מיט געלט, גבירנטע מיינע? האָט געפרעגט מערע.
— ווייל איך וויל דיר ווייזן אַז ביילע אהרן נחומס, וואָס מען רעדט אויף איר וואָס אין קאָרט שטייט — אַ שלעכטע צאָלערין, אַן אַנזעצעריז, נישט קיין וואָרטס־פּרוי — איז אויך אַ מענטש. הערסט אַ מעשה פון משוגענע פאָנקעס. זיי איז געפעלן געוואָרן די בולקעס, וואָס איך האָב אויסגעבאַקן פון דיין טייג. אמתע פּיראָזשנעס, זאָגן זיי. פאַרשנאָשקעט זענען זיי געוועזן, גיבן זיי מיין שרהקען מיט דריי רובל מער. — נאָ — זאָגן זיי, דיר דריי רובל נאַטשיי (טרינקגעלט, אויף טיי) פאַר ברענגעז אונדז אַזעלכע פּיראָזשנעס.
— דריי רובל נאַטשיי? — פרעגט מערע פאַרוווּנדערט.
— דריי רובל, — ענטפערט ביילע. — זאָג איך: היינטיקס מאָל איז האַלב אויף האַלב. מיר צען גילדן און דיר צען גילדן. ווען נישט דיין טייג וואָלט איך דאָך געהאַט אַ פּייג און נישט קיין בולקעס. איך בין טאַקע אַ קבצנטע אין פערצן פּאָלעס, אָבער יושר האָב איך.
ענטפערט מערע:
— אַ גרויסן דאַנק, ביילע. ס'איז זייער שיין פון דיין צד. אָבער מיין מצווה פאַרקויף איך נישט. האַלט דיר דיין „נאַטשיי".
— צדקת מיינע — רופט זיך אָן ביילע, — צען גילדן גייען ביי דיר צופוס?

ענטפערט מערע באַהאַרצט:

איך האָב דיר אָוועקגעגעבן דעם ביסן פון די קינדערס מיילער. איך האָב שטיינער היינטיקן שבועות, נישט קיין קיכלעך. איך האָב עס געטון, ווייל איך האָב געוואָלט האָבן אַ מצווה. מיין מצווה פאַרקויף איך נישט.

— אַזוי, פאַרקויפסט נישט, צדקת אין פאַסטעלעס — האָטביילע אָנגעהויבן ליאַרעמען. נישקשה, וועסט האָבן אַ גרעסערע מצווה צו קויפן שיך פאַר דיין לערנער וואָס גייט מיט די פינגער אום אין דרויסן.

— נישט פון אַזעלכע געלטער — האָט געענטפערט מערע שאַרף.

ביילע איז געוואָרן אָן אָנגעצונדענע:

— וואָס איז דער מער מיט מיין געלט? טריפהנע געלט? איך האָב עס נישט כשר פאַרדינט? איך באַק און פאַק, שלעפּ קאָשיקעס אויפן וואָקזאַל און ביי איר איז עס טריף געלט. ס׳איז דאָך אַ פשוטער סקאַנ־דאַל, אַ רשעות.

— איך זאָג דיר, אַז איך פאַרקויף נישט מיין מצווה, — האָט שוין מערע געענטפערט מיט כעס. מעגסט שרייען וויפל דו ווילסט.

ביילע האָט זיך צעוויינט:

— איך האָב געשווירן האַלב אויף האַלב. אַ נדר געטון. איך מעג דאָך אויך טון אַ מצווה און דיין לערנער זאָל גיין אין גאַנצע שיך. אָלץ קומט דיר? אַ מאַן האָסטו, אַ לערנער אַ יינגל האָט דיר גאָט געשענקט, ווילסטו זיך נאָך אָנשטאָפּן מיט מצוות אויף יענער וועלט. מעגסט מיר אויך פאַרגינען אַ מצוהלע. ס׳איז דיר רק וויניק.

— וואָס האָסטו זיך צוגעטשעפּעט ווי אַ קליעשטש? — האָט מערע געענטפערט מיט פאַרדרוס. דו מיינסט, אַז דו וועסט זיך צעוויינען, וועסטו ביי מיר היינט אויך אויספירן, זאָג איך דיר נאָך אַמאָל — איך פאַרקויף נישט מיין מצווה.

— איך האָב אַ נדר געטון — האָט ביילע געשריען.

— גיי צום רב וועט ער דיר מתיר נדר זיין.

אַן עולם האָט זיך אָנגעהויבן אַרומקלייבן אונטער די אָפענע פענצ־טער. ביילע האָט זיך צעלאָזן אויף די העכסטע קולות:

— האָסט, מערע, אַ האַרץ פון אַ טאָטער. פאַרגינסט קיינעם נישט דעם ביסן אין מויל.

מערע האָט זיך געבעטן:

— שריי נישט,ביילע, מען וועט זיך דאָך צונויפלויפן אויף בייז ווונדער און מיינען, אַז גאָט ווייסט וואָס איך האָב אָפּגעטון.

— זאָלן זיי קומען צולויפן, — האָט ביילע געענטפערט. — שעם זיך מיט דיין רשעות.

אַזוי שרייענדיק האָט ביילע אהרן־נחומס דערזען דורך דעם אָפענעם פענצטער ווי ר׳ הערשל דיין גייט אין שול. זי האָט אַ פּאַטש געטון מיט די הענט:

— אָט לויף איך און רוף אַריין ר׳ הערשל דייז. זאָל ער פּסקענען ווער עס איז גערעכט.

מערע האָט זי געוואָלט אָפּשטעלן, אָבער ביילע איז שוין געווען אין דרויסן.

***

מערע איז געשטאַנען אַ פאַרשעמטע פאַרן דיין און געשטאַמלט:

— זיצט רבי, זיצט. איך וועל אייך דערלאַנגען אַ גלאָז טיי, און אַז איר זענט דאָ, אדרבא זאָגט איר, זי זאָל זיך אָפּטשעפּען פון מיר.

ביילע האָט אַ מאַך געטון מיט דער האַנט:

— פּסקן נאָר נישט קיין שאלות פאַר ר׳ הערשלען. דערלאַנג טיי און זאָל ער אויסהערן בײדע צדדים.

מערע האָט דערלאַנגט טיי און פאַרשעמט אַרויסגעזאָגט:

— אירט מוחל זיין, רבי, וואָס איך דערלאַנג אייך נישט קיין כיבוד, אָבער מיינע קיכלעך זענען עפּעס היי־יאָר נישט געראָטן.

ביילע האָט איר געקוקט גלייך אין די אויגן און אַרויסגעזאָגט שפּאָטיש:

— וואָס בעבעסטו, מערע? וואָס פאַר אַ קיכלעך וואָלסטו דערלאַנגט? רבי, זי האָט ציגל פון שוואַרצע פּשוטע מעל און נישט קיין קיכלעך היינטיקן שבועות. און ווייסט איר פאַרוואָס? ווייל איך בין שולדיק. און דערפאַר קריגן מיר זיך.

— נו, גוט, דערציילט, ביילע, — האָט דער דיין געזאָגט אומגעדולדיק, וואָס מען פּטרט אים צייט מיט ווייבערישע נאַרישקייטן.

ביילע האָט אָנגעהויבן דערציילן. באַלד האָט זיך ר׳ הערשל אָנגע־הויבן שטאַרק צוהערן. ווען ביילע האָט זיך צעקאָכט, האָט ער געזופּט די טיי און אויפן פּנים האָט זיך ביי אים אויסגעשפּרייט אַ נחת־רואיקער שמייכל. ווען ביילע האָט געענדיקט, האָט דער דיין געזאָגט צו מערען:

—ס׳איז אמת וואָס זי דערציילט?

— אמת, — האָט געענטפערט מערע, — ביילע איז חלילה נישט קיין ליגנערקע.

— דער דיין האָט זיך איצט מיט אַן אמת צעשמייכלט. ער האָט אַ גלעט געטון די באָרד און אָנגעהויבן:

— הערט זשע, נשים, ס׳איז שוין געווען אַזאַ מעשה. דערציילט דער מדרש, אַז ווען אַלכסנדר מוקדון איז געווען אין לאַנד קאָצי, זענען גע־קומען צו אים צוויי מענטשן צו משפטן זיך. דער ערשטער מאַן האָט געטענהט:

— אדוני מלך, משפט צווישן אונדז. איך האָב געקויפט אַ פעלד פון מיין שכן. און עס איז געווען, אַז איך האָב אויפגעגראָבן די ערד האָב איך געפונען אַן אוצר. בין איך געקומען צו מיין שכן און איך האָב געזאָגט: איך האָב געפונען אַן אוצר אין דיין פעלד, נאַ דיר אים. איך האָב דאָך ביי דיר געקויפט אַ פעלד, נישט קיין אוצר. ענטפערט מיר מיין שכן: האַלט פאַר זיך דעם אוצר. ער איז דיינער. איך האָב דיר פאַרקויפט דאָס פעלד און אַלץ וואָס עס איז דאָרט געווען.

האָט אַלכסנדר מוקדון געפרעגט דעם שכן, צי עס איז אמת וואָס דער קויפער דערציילט, האָט דער שכן געענטפערט אַז יאָ, עס איז אמת. יעמאָלט האָט דער גרויסער קעניג געפרעגט דעם קויפער:

— האָסטו אַ זון אָדער אַ טאָכטער וואָס שטייט אין שידוכים?

האָט געענטפערט דער קויפער:

— איך האָב אַ טאָכטער.

האָט דער קעניג געפרעגט דעם פאַרקויפער:

— האָסטו אַ זון וואָס שטייט אין שידוכים?

האָט דער פאַרקויפער געענטפערט:

— יאָ, איך האָב אַ זון.

דעמאָלט האָט אַלכסנדר מוקדון געפסקנט:

— זאָל דער אוצר זיין נדן פאַר די קינדער און דיין זון זאָל חתונה האָבן מיט דיין טאָכטער.

— פאַרשטייט מיך — האָט ר׳ הערשל אַ זופּ געטון טיי און געזאָגט צו די צוויי פרויען: — דאָרט איז געווען אַ גאַנצער אוצר און איינער האָט געהאַט אַ זון און דער אַנדערער אַ טאָכטער. אָבער ביי אייך רעדט זיך וועגן צען גילדן בלויז. אָבער צען גילדן ביי אונדזער אַ יידן איז אויך געלט. פּסקן איך, אַז דו, מערע, זאָלסט נעמען די צען גילדן און קויפן מעל און אָפּבאַקן אַ געבעקס ברויט און צעטיילן עס די אָרעמעלייט.ביילע וועט זיין צופרידן און דו וועסט אַוועקגעבן ברויט צו אָרעמעלייט, וועט עס הייסן, אַז דו האָסט נישט גענומען קיין געצאָלט פאַר דיין מצווה.

די ווייבער האָבן צוגעשאָקלט מיט די קעפּ:

— מסכים.

ר׳ הערשל האָט זיך אַרומגעקוקט אַרום דער שטוב, געזען די אָרעמ־קייט אין די ווינקלען, האָט ער געזאָגט:

— אפשר איז פאַר דיר, מערע, צופיל צעטיילן אַ גאַנץ געבעקס ברויט?

מערע האָט תיכף געענטפערט:

— וואָס, איך צעטייל עפּעס מיינס?

ר׳ הערשל האָט זיך אויפגעשטעלט, איז צוגעגאַנגען צו דער טיר, אַ קוש געטון די מזוזה און געזאָגט:

— ביילע און מערע, אַ גוטן יום טוב אייך. גאָט זאָל געבן, אַז עס זאָלן זיך מערן אַזעלכע מחלוקותן ביי יידן. זאָגט אמן.

— ווען ר׳ הערשל איז אַרויס פון שטוב, האָט ביילע אויסגערופן מיט נצחון:

— נו, מערע, ווער האָט אויסגעפירט?

מערע האָט גוטמוטיק געענטפערט:

— נו, זאָל זיין גענוג. האָסט זיך גענוג אָנגעשריען. זעץ זיך און טרינק אַ גלאָז טיי.

# אַ שמחה ביי מערען אין שטוב

ס'איז געוואָרן א געלויף צו בן־ציון און מערען אין שטוב. אַ נס איז געשען, זייער עלטערער זון שמעון איז אַרויס פון פּריזיוו מיט אַ ווייסן בילעט.

קיינער קען עס נישט פאַרשטיין און קיינער קען עס נישט דער־קלערן. שמעון איז אַ הויכער, געשטאַלטנער בחור מיט ברייטע פּלייצעס, אייזערנע הענט און אַ קאָפּ קוטשעראַווע האָר, וואָס פאַרכאַפּט דאָס אויג. אַ בחור אַ בוים. ער קען געבן אַ קלאַפּ און צונעמען אַ פאַרפאָר. ער קען טראָגן אַ פינף־פודיקן זעקל אונטערן פאַכווע ווי עס וואָלט געווען אַ פּוך־קישעלע.

אין שטעטל ווערן דערציילט גאַנצע מעשיות פון זיין גבורה. למשל, ווען חברה קלייבט זיך צונויף צו ביידע־ברכהן אין שטוב, שבת נאָכמי־טיק, פאַרמעסט מען זיך שטענדיק אין הייבן שטולן. מען שטעלט אַרויף אַ שטול אויף אַ שטול און דערנאָך דאַרף מען אָננעמען דעם אונטערשטן שטול ביי אַ פיסל און אויפהייבן די אויפגעטורעמטע שטולן מיט איין האַנט און נישט איינבייגן די האַנט. דער שטאַרקסטער בחור האָט אַזוי נישט געקענט אויפהייבן מער ווי דריי שטולן. שמעון האָט אויפגעהויבן גאַנצע פינף שטולן. די שניידער און שוסטער־געזעלן טראָגן זיך אַרום מיט צעבויגענע קאָפּיקעס וואָס שמעון האָט זיי צעבויגן מיט די בלויזע פינגער. מען זאָגט אין שטעטל, אַז שמעון איז אַזאַ גבור, ווייל איינע פון זיינע ריפּן גייט ווי אַ רייף אַרום בויך.

שלמה סיימאָן

און אָט דער שמעון איז באַפרייט געוואָרן מיט אַ ווייסן בילעט. שמעון האָט דערציילט ווי אַזוי דער נס איז געשען:

— איך האָב דאָך אַ צווייטע לגאָטע (אַ פּריווילעגירטער פון צווייטן ראַנג) און איך האָב אַרויסגעצויגן אַ גרויסן זשערעב (נומער), אַזוי אַז איך בין געווען דער לעצטער פון די צווייטע לגאָטניקעס. זאָגן האָט מען געזאָגט, אַז עס איז זייער אַ גוטער יאָר און עס וועט קיינמאָל נישט אָנ־קומען צו די צווייטע לגאָטניקעס, אפילו צו די וואָס האָבן קליינע נומערן. זיץ איך אויף אויף דער אכסניה און וואַרט, אַז דער פּריזיוו זאָל אַרי־בער. אָבער אויפן דריטן טאָג האָבן זיך אָנגעהויבן ווייזן שלעכטע סימנים. אַ סך פון די יידישע בחורים זענען אַנטלאָפן קיין אַמעריקע און די צאָל יידישע זעלנער מוז דאָך צוגעשטעלט ווערן. שניידן די דאָקטוירים רעכטס און לינקס, מען נעמט צו אין סאָלדאַטן האַלב־טויבע, האַלב־בלינדע, קאַליקעס, אַבי איינער קען נאָר אַריין אין פּריסוסטוואָ אויף די אייגענע פיס איז ער אַ צוגענומענער. אָבער עס העלפט נישט. עס פעלן אַלץ יידישע פּריזיוואָניקעס. הער איך, אַז מען האַלט שוין ביי די צווייטע לגאָטניקעס. איך בין אָבער זיכער, אַז צו מיר וועט נישט אָנקומען. קומט אָן צו מיר בין איך „פּריניאַט"" — אַ צוגענומענער. ווייל וואָס פעלט מיר?

און שמעון דערציילט ווייטער:

— זיץ איך אויף דער אכסניה און וואַרט. קומט צולויפן אַ פּריזיוו־ניק און זאָגט מיר אָן די בשורה, אַז מען האָט שוין אויסגערופן מיין נאָמען. לאָז איך זיך לויפן אין פּריסוסטוואָ און דאָס האַרץ קלאַפּט ווי ביי אַ גזלן. לא די וואָס מען וועט מיך צונעמען, קען איך נאָך פאַרשפּעטיקן אויף אַ פּאָר רגעס, און מען וועט אַרויפלייגן אויפן טאַטן אַ שטראָף פון דריי הונדערט רובל. מיר האָבן דאָך אַן אייגענע שטוב און אַ בהמה, וועט מען אויפמאָנען. מער פעלט מיר נישט. לויף איך גיכער, מיט אַלע כוחות. איך טאָר נישט פאַרשפּעטיקן!

לויף איך אַזוי מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם. מיטאַמאָל זע איך עמעצער לויפט גלייך ביי מיין רעכטער זייט. איך קוק זיך אין אים איין — אַ יונגערמאַן פון אַ יאָר דרייסיק מיט אַ שיינער רויטלעכער באָרד, ברוינע אויגן. עפּעס אַ באַקאַנט פּנים, אָבער איך האָב דעם יידן קיינמאָל נישט

געזען. לויפן מירביידע אַזוי פּאַזאַם און מיט אַמאָל הויבט ער אָן רעדן צו מיר:

— שרעק זיך נישט, שמעון, וועסט אַרויס מיט אַ ווייסן בילעט.

זאָג איך צו אים:

— פון וואַנען ווייסט איר עס? און ווער זענט איר?

ענטפערט ער מיר מילד:

— וואָס אַרט דיר פון וואַנען איך וויס עס? ווער בין איך? דיין זיידע. דו ביסט אַ נאָמען נאָך מיר. קוק זיך איין מער. ביסט אַזוי געשטאַלטיקט ווי איך. ווייסט דאָך אַז איך בין געשטאָרבן יונג. איך האָב זיך דערטרונקען אין פּריפּעט ווען איך בין געפאָרן ברענגען פסחדיקע מעל אין שטעטל. נו, האָב איך אַ צד, ווו מען באַדאַרף. איך האָב זיך געשטעלט אַנטקעגן, אַז מיין אייניקל, וואָס איז אַ נאָמען נאָך מיר זאָל גיין אין סאָלדאַטן.

— איך זאָג אייך — האָט שמעון וויטער דערציילט — איך בין געבליבן שטיין אַ דערשראָקענער אויף טויט. דער אָטעם האָט מיר פאַרכאַפּט. איך קוק זיך אַרום — נישטאָ קיין זיידע לעבן מיר. וואָס לויפן? ווער קען לויפן? איך האָב זיך קוים מיט צרות דערשלעפּט אין פּריסוטסטווע. עס האָט מיך נישט געאַרט צי איך האָב פאַרשפּעטיקט צי נישט. אַלע אברים זענען מיר געווען שווער. איך בין אָנגעקומען פּונקט ווען מען האָט אויסגערופן מיין נאָמען. צום דריטן מאָל. איך האָב געפילט עפּעס אַזאַ שווערע משא ליגט אויף מיינע פּלייצעס און ברוסט־קאַסטן, איך האָב קוים מיט צרות אויסגעטון מיינע זאַכן.

ס׳איז מיר פינצטער געוואָרן אין די אויגן. איך געדענק גאָרנישט. נאָר מיטאַמאָל פיל איך ווי די דאָקטוירים קלאַפּן מיך אַרום, באַטאַפּן מיך און דער עלטסטער דאָקטאָר פרעגט מיך — צי איך האָב זיך ווען עס איז באַקלאָגט אויף וויטיקן אין ברוסט־קאַסטן. איך בין שוין געקומען צו זיך און איך האָב אים געענטפערט, אַז ניין איך בין קיינמאָל נישט קראַנק געווען און קיינמאָל קיין וויטיק נישט געהאַט. זיי האָבן מיך ווידער באַטראַכט, גערעדט צווישן זיך וואָס איך האָב נישט געהערט און זיי האָבן מיך אַרויסגעלאָזן מיט אַ ווייסן בילעט.

ווייגט מערע פון פרייד. זי ווייסט אַז אַ גרויסער נס איז געשען.

די שטוב איז פול מיט שכנים און קרובים, אָבער די הויפּט־באַלעבאָסטעס זענען איצט די צוויי שטאָט־גבאיטעס. זיי ליידיקן אויס דאָס הויז, זיי פּאַקן די בייגל אין קאָשיקעס, די בולקעס אין זעק און די זיסע טרוקענע קיכלעך אין שקאָרמוצן. סימע דבורה די גבאיטע רעדט: „אַ דאנקען גאָט די אָרעמעלייט וועלן היינט פאַרזוכן ווייצנס. די תלמוד־תורה־יינגלעך וועלן זיך דערקוויקן מיט די זיסע קיכלעך. זאָלן זיי אויך געניסן פון דיין שמחה“.

די גבאיטעס האָבן אַלץ פּאַרפּאַקט אָבער זיי זענען נאָך נישט צו־פרידן. זיי נישטערן איבער די פּאָליצעס, זוכן אַוו אַ לאָך, אַ ווינקל. אפשר האָט זיך עפּעס פאַרוואַלגערט וואָס מען קען צונעמען פאַר צדקה. זיי וואָלטן שוין אַוועק, אָבער זיי וואַרטן אויפן געבעקס ברויט אין אויוון. באַלד איז סימע־דבורה צוגעגאַנגען און געעפנט דעם אויוון און אַ קוק געטון אויפן ברויט. יאָ, עס איז שוין פאַרטיק. זי האָט אָנגעהויבן שרייען צו מערען:

— ווו איז דיין לאָפּעטע? וואָס מיינסטו איך קען דאָ בלייבן אַ גאַנצן טאָג? איך דאַרף נאָך צעטראָגן דאָס געבעקס.

מערע האָט איר דערלאַנגט די לאָפּאַטע און סימע־דבורה האָט אָנגע־הויבן אַרויסנעמען לעבל ברויט נאָך לעבל ברויט און געפּאַקט זיי אין די קאָשיקעס.

ביי די לעצטע פיר לעבלעך ברויט האָט זיך מערע אָנגערופן:

— סימע־דבורה, איך האָב צען מיילער אָנצוקאָרמענען. לאָזט דאָך מיך איבער אָן אַ פּיצל ברויט אין שטוב.

— וועסט זיך שוין אָן עצה געבן — האָט די גבאיטע געענטפערט.

מערע האָט געצופּט די עקן פון קאָפּטיכל און נישט געהאַט דעם מוט איר צו זאָגן אַז אין שטוב איז נישטאָ קיין גראָשן, איז ווו וועט זי קריגן ברויט? באַלד האָט איר פּנים אויפגעלויכטן:

— ווייסטו וואָס, סימע־דבורה, פאַרקויף מיר פיר לעבלעך ברויט.

— ס'וועט דיך קאָסטן צוועלף קאָפּיקעס אַ לעבל ברויט — האָט סימע־דבורה געענטפערט, אָט פּונקט ווי דו פאַרקויפסט עס פון מולטער אויפן מאַרק.

— גוט, האָט מערע געענטפערט, מסכים. אָבער וועסט מיר מוזן

אויסבאָרגן, איך האָב נישט קיין דרייער אין הויז. ווו איך האָב געהאַט אַ גרייטן גראָשן האָב איך עס שוין צעטיילט די אָרעמעלייט.

— ביסט ביי מיר אַ בעל־בטוח — האָט סימע־דבורה געענטפערט. נעם פיר לעבלעך ברויט. אָבער קלייב נישט אויס די בעסטע, נעם ווי עס גייט אין קאָשיק.

מערע האָט זיך איינגעבויגן און אַרויסגענומען פיר לעבלעך פון דעם נאָענטסטן קאָשיק.

סימע־דבורה האָט איר ווידער דערמאָנט:

— געדענק, ביסט מיר שולדיק אַכט און פערציק קאָפּיקעס. פאַרגעס נישט!

אַזוי האָט מערע געקויפט אויף באָרג פיר לעבלעך ברויט פון איר אייגענעם געבעקס.

# דער טויט פון בן־ציון דעם שוסטער

בן־ציון איז שוין געווען אַלט, פולע זיבעציק יאָר איז ער אַלט געווען. ער האָט שוין מער נישט געאַרבעט ביי זיין שוסטעריי און זיין ווייב מערע האָט שוין נישט געפירט קיין בעקעריי. די קינדער האָבן זיך צע־שפרייט איבער גאָר דער וועלט: איינער אין ארץ־ישראל, דריי אין צפון אַמעריקע און איינער אין דרום אַמעריקע. פון די דריי, וואָס זענען גע־בליבן אין רוסלאַנד, זענען צוויי געווען אין טיף ראסייע און איינס איז גע־שטאָרבן און איבערגעלאָזן צוויי יתומים פאַר דעם אַלטן פּאָרפּאָלק צו האָדעווען.

דאָס אַלטע פּאָרפּאָלק האָט איבערגעלעבט די ערשטע וועלט־מלחמה, די פּאָגראָמען אין ווייסרוסלאַנד און די רעוואָלוציעס. ווי דורך אַ נס איז די שטוב נישט אָנגערירט געוואָרן. זייער חיונה האָבן זיי געצויגן פון דעם וואָס די קינדער האָבן זיי געשיקט מעבר לים. פּינקטלעכער פון אַלע זין און טעכטער איז געווען שלמהקע דער לערנער, ווייל ער איז געווען דער פאַרמעגלעכסטער. ער האָט געשיקט טאַטע־מאַמע חודשלעך פינף און דרייסיק דאָלאַר. די אַמעריקאַנער מטבע איז דעמאָלט געווען חשוב אין רוסלאַנד און דאָס פּאָרפּאָלק האָט געלעבט זייער שיין און גע־האָדעוועט די צוויי יתומים ביי זיך אין שטוב.

אַלע חודש, נישט שפּעטער פון דעם פינפטן פון דעם חודש, פלעגט בן־ציון גיין צו דער פּאָטשט און אָפּנעמען דאָס געלט וואָס דער זון האָט אים געשיקט. אויסצאָלן האָט מען אויסגעצאָלט אין דאָלאַרן. פלעגט ער

באַלד אַריין און איינקויפן פאַר דער פרעמדער וואַליוטע וואָס ער האָט באַדאַרפט און דאָס וואָס עס איז אים איבערגעבליבן האָט ער געשפּאָרט.

איז געשען אַז עס איז געוואָרן אַ בהלה אין לאַנד. מען האָט אָנגעהויבן פאַרפאָלגן די וואָס האָבן געהאַט דאָלאַרן. די געהיים־פּאָליציי האָט געהאַט ביי זיך אַ פּאַרטיקע רשימה פון אַלע די וואָס האָבן דאָלאַרן. דאָרט אין דער רשימה איז געווען פאַרשריבן, אַז יעדער איינער וואָס האָט אויסלענדיש געלט איז אַ שפּעקולאַנט. מען האָט אַרעסטירט רעכטס און לינקס און ווי איז געווען צו די, וואָס האָבן נישט אָפּגעגעבן די פרעמדע וואַליוטע, מיט וועלכער ער האָט שפּעקולירט אָדער נישט געשפּעקולירט.

איינמאָל שפּעט נאָך האַלבער נאכט האָט די פּאָליציי אָנגעקלאַפּט צו בן־ציון דעם שוסטער. געקומען זענען די צוויי זין פון אייזיק לאַטוטניק, וואָס זענען געווען בן־ציונס שכנים, און האָבן זיך אַמאָל געחברט מיט בן־ציונס קינדער און האָבן געקענט דעם אַלטן פון קינדוויז אָן. אייזיקס זין זענען געווען די הויפּטן פון דער געהיים־פּאָליציי.

זיי האָבן אים אויפגעוועקט און אָנגעהויבן רעדן צו אים שטרענג:

— איר זאָלט וויסן, בירגער בן־ציון, אַז ביי אונדז איז פאַרשריבן אַז איר פאַרמאָגט פינף און פערציק דאָלאַר. און לייקנט עס נישט ווי אַלע שפּעקולאַנטן טוען. בעסער גיט עס אַוועק מיט גוטן, ווייל מיר האַלטן שוין לאַנג אַן אויג אויף אייערע שפּעקולאַציעס.

בן־ציון האָט זיי אָנגעקוקט אַ היפּשע ווײַלע און דערנאָך אַ קראַץ געטון דעם צעשויבערטן קאָפּ און געזאָגט:

— וואָס זענט איר ביידע אַראָפּ פון זינען? געקומען אינמיטן נאַכט ווי גזלנים מיט רעוואָלווערן אין די טאַשן און דערלאַנגט אַ פּזמון — „מיר האַלטן שוין לאַנג אַן אויג אויף אייערע שפּעקולאַציעס". וואָס פאַר שפּעקולאַציעס, סמעקולאַציעס? איר ווייסט דאָך אַז איך קריג אַלע חודש פינף און דרייסיק דאָלאַר פון מיין זון. האָב איך עס באַהאַלטן פון עמיצן? האָט איר מיך אַמאָל געזען שפּעקולירן? זעט ווי איר ווייסט נישט — איר זאָגט אַז איך האָב אָפּגעשפּאָרט פינף און פערציק דאָלאַר, און דער אמת איז, אַז איך האָב אָפּגעשפּאָרט גאַנצע פינף און ניינציק דאָלאַר.

די צוויי יונגען האָבן זיך איבערגעקוקט:

— וואָס איר לייקנט נישט אַז איר האָט דאָלאַרן און נאָך מער ווי עס איז ביי אונדז פאַרשריבן?

— פרא אדמס, האָט בן־ציון געזאָגט בייז. וואָס הייסט לייקענען? איך האָב ביי עמיצן געגנבעט?

— נו וויבאַלד אַזוי זענט איר דאָך אַן ערלעכער בירגער. איז גיט אָפּ די דאָלאַרן און זאָגט צו, אַז איר וועט מער נישט שפּעקולירן, וועלן מיר שאַנעווען אייער עלטער.

— זעסט נאָר ווי איציקס בנים האָבן זיך צעדרשנט — האָט בן־ציון זיך אַ קער געטון צו מערען, וואָס איז געשטאַנען און עס האָט איר געקלאַפּט אַ צאָן אָן אַ צאָן, איך זאָל זיי אַוועקגעבן די דאָלאַרן און צוזאָגן זיי אַז איך וועל מער נישט שפּעקולירן. וואָסי ס'איז געגנבעט געלט? האָב איך ווען עס איז געשפּעקולירט? ווי קען איך צוזאָגן נישט צו טון אַ זאַך וואָס איך האָב קיינמאָל נישט געטון?

די צוויי יונגען וואָס האָבן גוט געקענט דעם אַלטן עקשן, וואָס האָט אַלעמאָל געזוכט יושר, האָבן געפּרווט מיט גוטן:

— נו איז נישט געשפּעקולירט, פאַרמאָגט איר דאָס געלט כשר. אָבער מען טאָר איצט נישט האָבן ביי זיך קיין דאָלאַרן. איז גיט עס אַוועק און מען זאָל אייך נישט דאַרפן אָוועקפירן פון דאַנען.

בן־ציון האָט זיי אָנגעקוקט ווי משוגע:

— הערט נאָר די דיבורים! „נישט געשפּעקולירט, כשר געלט, נאָר גיט עס אַוועק". אויב ס'איז דאָ אַזאַ דין, שיקט מען רופן ביי טאָג די וואָס האָבן דאָס געלט און פאַר אַלעמען אין די אויגן גיט מען זיי אַ קבלה, און יאָ, מען בייט אויס דאָס געלט און מען לאָזט וויסן, אַז מער לאָזט מען נישט אַריין קיין דאָלאַרן אין לאַנד.

דער עלטערער בחור האָט שוין פאַרלוירן דאָס געדולד.

— בירגער בן־ציון, לערנט נישט דער רעוואָלוציע ווי אַזוי צו פירן דאָס לאַנד, נעמט אַרויס דאָס באַהאַלטענע געלט און קומט.

מערע האָט זיך אָנגעהויבן בייזערן:

— אַלטער נאַר, דו ווילסט זיי זאָלן דיר מקציר ימים זיין? גיב זיי אַוועק דאָס געלט. עלעהיי גזלנים.

— דו מיש זיך נישט. איצט ביסטו נישט די בעלת־פּרנסה. וואָס דו

האָסט די גאַנצע דעה. וואָס מיינסטו גזלנים? זיי קומען דאָך פון דער וולאַסט (רעגירונג). דאָ דאַרף זיין יושר נישט קיין גאַזלאָוואַי (גזילה). זעסט דאָך זיי טראָגן עפּאָלעטן.

— נו, אַלטער — האָבן די ברידער געזאָגט, מיר קענען דאָ נישט שטיין אַ גאַנצע נאַכט.

— איך גיב נישט — האָט געענטפערט בן־ציון מיט אַנטשלאָסנקייט. ס'איז גזילה. איך בין נישט קיין שפּעקולאַנט.

דער יינגערער ברודער האָט זיך אַריינגעמישט:

— הערט, ר' בן־ציון, מיר ווייסן אַז איר זענט נישט קיין שפּעקו־לאַנט, מיר ווייסן אַז עס איז אָפּגעשפּאָרטע געלט. אָבער מען האָט אונדז אָנגעזאָגט ברענגען די פינף און פערציק דאָלאַר. מירן זיך נישט מאַכן ווי נישט־וויסנדיק וואָס איר האָט אונדז אויסגעזאָגט אַז איר האָט מער. גיט אונדז די פינף און פערציק דאָלאַר און גייט אייך שלאָפן געזונטערהייט. אַ נישט פירן מיר אייך אַוועק אין מאָזיר. דאָרט וועט איר קיין האָניק נישט לעקן.

מערע האָט אָנגעהויבן ברעכן די הענט:

— משוגענער עקשן, ווי נעמט עס אַ מענטש און קוילעט זיך מיט אַ שטומפּיקן מעסער? גיב זיי די פינף און פערציק דאָלאַר. וואָס ווילסטו פון דיין לעבן?

בן־ציון האָט זיך געהאַלטן ביי זיינס:

— ס'איז גזילה. אָט ווי גזלנים אינמיטן נאַכט. די ממשלה טאָר עס נישט דערלאָזן.

זיי האָבן אים אַוועקגעפירט אין מאָזיר.

מען האָט אים אָפּגעהאַלטן פופצן טעג אין תפיסה. זיי האָבן אים נישט געקענט איינברעכן. סוף כל סוף האָט מערע געפונען דאָס געלט און עס אַוועקגעטראָגן צו דער פּאָליציי און מען האָט אים באַפרייט.

ער איז געקומען צוריק אַ שווייגנדיקער. אין די פופצן טעג האָט ער פאַרלוירן אַ סך וואָג. צי מען האָט אים דאָרט געמאַטערט, צי נישט ווייסט קיינער נישט. ער האָט אפילו מערען נישט דערציילט צי מען האָט אים עפּעס דאָרט געטון. ער איז אָבער אַריינגעפאַלן אין אַ מרה־שחורה. פיר וואָכן שפּעטער איז ער געשטאָרבן.

## שלמה סיימאָן

שלמהקע, זיין זון אין אַמעריקע האָט זיך דערוווסט וועגן טאַטנס טויט פון אַ לאַנדסמאַן, וואָס האָט דעמאָלט באַזוכט רוסלאַנד. דער זעלבער לאַנדסמאַן האָט אים אויך דערציילט אַז שוין נאָך דער תפיסה האָט ער זיך אָפּגעזאָגט אַראָפּנעמען פון פּאָטשט דאָס וואָס עס איז אים אָנגעקו־מען פון די קינדער. איינער פון די אייניקלעך איז געגאַנגען מיט מערען און אַראָפּגענומען דאָס געלט און אויסגעביטן ביי דער רעגירונג.

— איינברעכן דיין טאַטן ווען עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן יושר — האָט דער לאַנדסמאַן צוגעגעבן — האָט קיינער נישט געקענט, נישט דיין מאַמע, נישט די צאַרישע רעגירונג און נישט די נייע דעוואָלוציאָנערע רעגירונג.

## ביכער פון זעלבן מחבר

**אין פאַרלאַג „מתנות“ ביים שלום עליכם־אינסטיטוט, ניו־יאָרק:**

שמערל נאַר, 1931, **דריטע אויפלאַגע 1949**

דאָס קלוגע שניידערל, 1933; **צווייטע אויפלאַגע 1949**

קינדער יאָרן פון יידישע שרייבער, **בוך איינס** 1936; **צווייטע אויפלאַגע 1949**

קינדער יאָרן פון יידישע שרייבער, **בוך צוויי**, 1945

ראַבערטס וועגטורעס, 1938

די העלדן פון כעלם, 1942

אין די טעג פון די נביאים, 1947

נביאים ראשונים — יהושע און שופטים פאַר יוגנט, 1951

**אין אַנדערע פאַרלאַגן:**

ה. לייוויקס קינדער יאָרן, „נייע יידישע שול“, ווילנע, 1938

לייוויקס גולם, **פאַרלאַג „יידיש לעבן“**, 1923

חומש פאַר קינדער לויט יהואש, **„יהואש פאַרלאַג געזעלשאַפט“**, 1940, **דריטע אויפלאַגע**

מעשיות פון אגדתא, **פון חיים שורע און שלמה סיימאָן**, 1936 **אַרויסגעגעבן פון די מחברים**

יידן צווישן פעלקער, 1949, **פאַרלאַג „יידישע עטישע געזעלשאַפט“.**

מדינת ישראל און ארץ ישראל, 1950, **פאַרלאַג „אונדזער בוך“, אַרגענטינע.**


דער אַדרעס פון מחבר

**Dr. Salomon Simon**
**215 EAST 43 St.,**
**Brooklyn, 3, N. Y.**

## אין פאַרלאַג „יידבוך" ביז איצט דערשינען:

**י. ל. פרץ** — דריי חסידישע דערציילונגען

**אַלבום־פאָרמאַט, געצכתיבהט פון קינסטלער מ. פייגענבלום. — אַ צירונג פאַר יעדער יידישער ביבליאָטעק.**

**ח. ש. קאַזדאַן** — מעטאָדיק פון יידישער שפראַך און ליטעראַטור"

(אויספאַרקויפט)

**י. י. טרונק** — כעלעמער חכמים

**לוקסוס־אויסגאַבע. — 300 זייטן. — קאַריקאַטורן פון ניו־יאָרקער מאַלער י. שלאָס.**

**טיפּן לויט טרונקס כעלעמער חכמים**

**אַלבום מיט קאַריקאַטורן; יעדעס בלאַט אַרו־סצונעמען און איינ־צוראַמען, כדי צו באַצירן די ווענט אין אונדזערע היימען.**

## אין דרוק:

**פּראָפ׳ ליבמאַן הערש (זשענעווע)** — אויף דער גרענעץ פון צייטן

**זאַמלונג פון אַרטיקלען אין משך פון 10 יאָר; אַ בוך פון דאָקו־מענטאַלן ווערט.**

## אין צוגרייטונג:

**י. פּערלאָוו (ישראל)** — אויף אייגענער ערד

**קינסטלערישע דערציילונגען וועגן לעבן פון די נייע עולים אין מדינת ישראל.**

---

**וועגן אַלע ענינים פון פאַרלאַג, זיך ווענדן:**

Editorial "I D B U J"

B. Sur Mer 671 Buenos Aires Rep. Argentina

# פרעסע־שטימען וועגן די אויסגאַבן פון פאַרלאַג „יידבוך״

## וועגן ח. ש. קאַזדאַנס „מעטאָדיק פון יידישער שפּראַך און ליטעראַטור״

**ש. ר.** („יידישע ציימונג״), 10טער נאָוועמבער, 1950:

„נישטאָ ביז איצט אויף יידיש אַזאַ בוך ווי קאַזדאַנס "מעטאָדיק פון יידישער שפּראַך און ליטעראַטור". ס'איז אַן ערשטלינג. קאַזדאַן טרעט צו פאָלקסטימלעך צו די ענינים, וואָס ער באַהאַנדלט, הגם אין טייל קאַפּיטלען האָט ער וויכטיקע וויסנשאַפטלעכע בייטראָגן פאַרן אַנאַליז פון שפּראַך און ליטעראַטור.״

**י. גלאַטשטיין** („יידישער קעמפער״), 8טער דעצעמבער 1950:

„דער מחבר, אַ באַרימטער יידישער פּעדאַגאָג, האָט דאָס בוך אויסגע־ברייטערט, און ס'איז איצט אויפסניי דערשינען אין אַרגענטינע, ובכן האָט דאָס טראַגישע בוך, וואָס האָט גלייך ביים דערשיינען געהערט די גסיסה־געשרייען פון יידישע לערער און זייערע קינדער, ערגעץ פאָרט געקראָגן אַ שטיקל פאַראַנקערונג״.

ס'ווילט זיך האָפן, אַז קאַזדאַנס בוך וועט ווידער ווערן אַ ווערק, וואָס אונדזער שולוועזן זאָל זיך אין דעם אַזוי שטאַרק נויטיקן, ווי ס'איז גע־ווען דער פאַל אין די דרייסיקער יאָרן אין פּוילן.

עס אַז אַ פונדאַמענטאַלע אַרבעט, וואָס איז אַ רעזולטאַט פון גרוי־סער פּערזענלעכער דערפאַרונג און שטאַרקער ליבשאַפט צו אונדזער יידיש לשון.״

## וועגן י. י. טרונקס „כעלעמער חכמים״

**פּ. ביזבערג** („די נייע צייט״), 7טער סעפּטעמבער, 1951:

„זיבעצן מעשיות האָט דאָס בוך און דער סיפור־המעשה ציט צו: מען שמייכלט, מען צעלאַכט זיך פון דעם איינפאַלערישן, און אייניקע פון זיי בלייבן איינגעקריצט אין זכרון ווי למשל דער כעלעמער מלמד גייט ווערן אַ גזלן, אָדער די מעשה מיטן אתרוג פאַר משיחן, אָדער די קאַלירפּולע פון בערקע מיט דער קאַטערינקע, וואָס וואָלט געקאָנט זיין אַ פּרעכטיקער סצענאַריע פאַר אַ וווּנדערבאַרן יידישן פילם. דאָס בוך דאַרף מען לייענען. עס איז זעלטן שיין אַרויסגעגעבן, מיט אָריגינעלע צייכענונגען, אין סטיל פון בוך, פון יחזקאל שלאָס, און מיט אַ שיינקייט, דרוק און איינבונד, וואָס גיט צו כבוד דעם פאַרלאַג „יידבוך״.״

מ. שענדעריי („יידישע צייטונג“), 5טער דעצעמבער 1951:

„ציען זיך אַזוי מעשהלעך, פיין געשניצטע, מיניאַטורן, סטיליסטישע מייסטערווערק, עכטע פערל אָנגעצילעט אויף אַ גאָלדענעם פאָדעם וואָס הייסט כעלם, און וואָס באַקומט שטעלנווייז ממש אַ קאָסמישע באַדייטונג. „כעלעמער חכמים“ לייענט זיך לייכט, טיילמאָל ממש פאַרכאַפּנדיק און עס קען צו זיי אָנגעווענדעט ווערן דער צוגאַנג פון מענדעלע, אַז אַ מעשה דאַרף קומען צו לאָזן הערן, און וויל מען זיך אַביסל פאַרטיפן האָט אויך י. י. טרונק מיט זיינע פּרעכטיקע מיניאַטורן אַ סך, אַ סך צו לאָזן הערן.“

---

Este libro se terminó de imprimir
el día 20 de Enero de 1952,
en los Talleres Gráficos
de Zlotopioro Hnos.
Gascón 1231
Buenos Aires